אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון דער
ידישער אינטערסינדיקאַלער קאָמיסיע ביי
דער ס. זש. ט., פון דער געזעלשאַפט
„קינדער פון לובלין" און די לאַנדס־
מאַנשאַפטן פון פולאַוו און קראַשניק.

הילע פון אַ ר ט ו ר ק אָ ל נ י ק

M. SCHULSTEIN
A BOIM ZWISCHN
CHOURWES



Printed in France

Imprimerie S. P. I. N.
14, Rue de Paradis
Paris-10°

געדרוקט אין 2000 עקז.
אין דער דרוקעריי
14 רי דע פאַראַדי
פאַריז — 10

## זינגענדיקע יאָרן

יאָרן, מיינע יאָרן — זינגענדיקע יאָרן, —
אויפֿן שטויב פֿון פֿידלען — שטויב פֿון מיין זכרון.

ציטערן די סטרונעס, ציטערן פֿאַרשטויבטע,
און דאָס האַרץ — אין לידער ס׳הייליק־איינגעגלויבטע.

ערגעץ פֿאַלן טרערן, קלאַפּן אויף אַן ארון,
און דורך זייער ברעטער זינגען מיינע יאָרן.

אויסגעלייגטע סטראָפֿן, איינס ביי איינס, ווי קברים —
זינגענדיקע יאָרן — יאָרן, מיינע יאָרן.

אַ געזאַנג אַ בלוטיקס טראָג איך אין די ציינער,
ווי עס טראָגט די חיה אין געפּאַר די קליינע...

שורות ווי די שטאַפּלען, לידער ווי די לייטער —
קלעטערט דאָרט מיין לעבן, ס׳טראָציקע, פֿאַרשייטע.

העכער אַלץ און העכער קלעטערט עס און קלעטערט,
ביז דעם גראָען וואָלקן לעכערט עס און שמעטערט.

הינטער גראָען וואָלקן, הינטער די טומאַנען —
וואָס איז דאָרט באַהאַלטן, וואָס איז דאָרט פֿאַראַנען ?

קלעטערט דאָרט מיין לעבן, וויל אַהין דערלאַנגען,
קומען און דערלאַנגען יאָרן און געזאַנגען.

קלעטערט דאָרט מיין לעבן, קלעטערט אויף די שטאַפּלען,
דאָרט אַהין, וווּ שטערן ציטערן און צאַפּלען;

דאָרטן, ווו ס'דערגרייכט נישט מער דעם פויגלס טרילן —
צו די שטערן־שנורן כ'וויל דאָס האַרץ פאַרשפּיליען.

פּלאָנטערניש פון דערנער און פון דראָטן־קנופּן
האָט אין וועג פאַרטשעפּעט ליד אויף מיינע ליפּן.

פּלאָנטער האָט פאַרטשעפּעט, הויט און פליש צעדראַפּעט,
און פון הויט און לידער בלוט גייט אָפּ און קאַפּעט.

קאַפּעט בלוט פון לידער, פליסט דאָס בלוט פון דורות —
אַז עס זאָלן דערנער לייכטן ווי מנורות;

און פון דראָטן־קנופּן אויפגיין זאָלן בליטן,
ווי אַ צווייג צעבליען אינעם האַרבסט אינמיטן;

ווי די האַנט פון מיידל צאַרט זאָל זיין דער דאָרן —
האָבן זיי געזונגען מיינע יונגע יאָרן.

פאַלן ערגעץ טרערן, קלאַפּן אויף אַן ארון —
יאָרן, מיינע יאָרן, זינגענדיקע יאָרן.

1945

## פרילינג אויף מיין היימישן בולוואַר

דער גרינער פרילינג גייט אויף מיין בולוואַר,
דער גרינער פרילינג און די גרינע זעלנער גייען, —
און צווישןביידע גייט מיין האַרץ
און ווערט צעפליקט אויף צווייען.

מיין היימישער בולוואַר איז היינט באַשיט
מיט מילדן, גרינגן צוויט,
און פרעמדע, שווערע שריט, —
דער גרינער פרילינג און די גרינע זעלנער גייען,
און דו, מיין ליד, אין מיט —
אין צווישן פון די ביימער־און מאַרשירער־רייען.

די ביימער פון מיין היימישן בולוואַר,
זיי שטרעקן גוטמוטיק היינט אוים די צווייגן,
כדי דערפאַר — און טאַקע בלויז דערפאַר —
זיי אָפּנהאַרציק־פריינטלעך פאַרצולייגן
דעם קינד, דעם זקן און דעם עלנטן קלאָשאַר.
אויך דו, מיין ליד, ביסט איינגעלאַדן
מצד די ביימער פונעם היימישן בולוואַר,
וואָס האָבן אויסגעשטעלט זיך נישט דערפאַר
זיי זאָלן פאַרן גרין־סאָלדאַטישן מאַרשרוט
דאָ שטיין, ווי קאָמאַנדירן אויף פּאַראַדן,
באַהאָנגענע מיט בלעטער, ווי מעדאַלן,
צי גאָר מיט נידעריק־אַראָפּגעלאָזטע צווייגן
צו שטיין ווי דינער, גרייט פאַר אים זיך בייגן
און צו די פים הכנעהדיק אים פאַלן...

דער גרינער פרילינג גייט אויף מיין בולוואַר.
די פייגל זינגען און די זעלנער זינגען, —

די פייגל זינגען, ווייל זיי ווילן זינגען,
די זעלנער — ווייל באַפעל האָט זיי געצוווּנגען.
עס ווייסט דערפון דער זקן, ס׳קינד און דער קלאָשאַר,
און דו, מיין ליד, געוויס ווייסט אויך דערפון.
די העלמען טיף אַראָפּגערוקט און שווער,
די העלמען שיינען און עס שיינט די זון,
און צווישן העלמען־שיין און זונען־שיין
גייט־אויף דאָס פינקלען פון אַ טרער,
און צווישן פייגל־ליד און זעלנער־ליד
איז דאָ מיין ליד אין מיט
און ווייסט נישט וואָס צו טון...

דער גרינער פרילינג גייט אויף מיין בולוואַר,
דער גרינער פרילינג און די גרינע זעלנער גייען,
און צווישן ביידע גייט מיין האַרץ
און ווייסט נישט צי ס׳זאָל טרויערן,
צי ס׳זאָל זיך פרייען...

פּאַריז, 1941.

# לבנה-ליד אין 1942

אַדאַנק דער שיינער נאַכט און לבנה־ליכט האָבן
מיר געקענט וועזנטלעך און ווירקזאַם באַמ־
באַרדירן אונדזערע אָנגעצייכנטע אָביעקטיון...

(פון אַ דייטשן קריגס־קאָמוניקאַט 1942)

פאַרגיב מיר היינט, מיין הויכע, טייערע לבנה,
זיי מוחל מיר, מיין ליכטיקע, מיין שיינע,
וואָס איך וועל ברוגז אָפּקערן פון דיר מיין פּנים,
כאָטש ס'איז די שולד דערפאַר געווים נישט דיינע.
מיר האָבן דיך געהילט אין לידער און אין גלאַריע
און גליקלעך אין דיין צויבער־ליכט געטרעטן,
איצט ביסטו פון דער הייך .דער ווייזער צו אכזריות —
וואָס קענסטו היינט שוין זיין פאַר אונדז, פּאָעטן ?

עס איז פון שטענדיק יעדעס ליכט אי צאַרט, אי הייליק,
נאָר ס'ליכט פון אַ לאַמטער אין האַנט פון גזלן
איז אויך, ווי ס'איז זיין האַק, אין מאָרד באַטייליקט,
און איז אי זיך, אי יעדעס ליכט מבזה...
ווי די לאַמטער — דער האַנט, געהערסטו צו מלחמה,
און הרגעסט אין די נעכט די רו פון בעטן ;
דו פירסט פאַרווים צו בראַך, צו בלוט און יאָמער, —
ווו קענסטו היינט שוין פירן אונדז, פּאָעטן ?

מיר ווייסן, אַז צו דיר פלעגט בלויז דער העלד נאָר קומען
און פאַר דיין ליכט אין ליבע זיך דערקלערן,
ער האָט דיך פאַר אַן עדות צו זיין הארץ גענומען,
און פאַר אַ צולאָג אויך — דאָס ביסל שטערן...

פלעגסט הערן, און מיט בלאַסע שטראַלן־פינגער דינע
זיך לייגן אויף די קעפּ און בענטשנדיק זיי גלעטן, —
היינט דאַרף דיך שוין נישט מער די ליבע, נאָר די שנאה —
וואָס קענסטו טויגן שוין פאַר אונדז, פּאָעטן?

באַהאַלט דאָס פּנים איצט, מיין טייערע לבנה,
פאַרדעק עס מיט אַ וואָלקן־טוך אַ שוואַרצן,
ווי ס'טוט עס מיטן טרויער־שלייער די אלמנה —
און טרויער פעלט נישט היינט ביי אונדז אין הארצן.
וואָס דאַרפסטו זען ווי הינטער טירן שווער־פאַרהאַקטע,
מען האַלט דיך פעסט, ווי אַ טראָפּיי אַ פעטן, —
עס זינגט אַ לויבגעזאַנג צו דיר דער מאָרד־רעדאַקטאָר —
וואָס קען דיר זינגען שוין דאָס ליד פון אונדז, פּאָעטן?

מען טראַכט, קען זיין, פון דיר אין טויט־לאַבאָראַטאָריעס.
ווי ברענגען דיך אַראָפּ אין קאַטאַקאָמבע;
דיך אָנפילן מיט דינאַמיט און מיט אַכזריות
און דיך באַהאַלטן פאַר דער בעסטער באָמבע;
און דיך אַרויסנעמען ווען ס'איז אַ שפּאָגל־נייע,
כדי מיט דיר דאָס שענסטע גליק צעפּלעטן,
און דו אַליין זאָלסט אויך צעשפּרינגען פונעם פייער,
ווי ס'האַרץ, און טרוים, און ליד פון אונדז, פּאָעטן...

פּאַריז, 1942.

# שניי אין די אַלפּן

I.

דעם ווייטן בארג האָט צוגעדעקט אַ שניי,
און דיך, מיין האַרץ, האָט צוגעדעקט אַן אומעט, —
כ׳זאָל זאָגן אפשר ־וויל עס טוט מיר ווי
פאַר מיין פאַרלאָשענעם שוין לעצטן זומער?

אָ, ניין, מיר האָט זיך איצטער גראָד דערמאָנט
אין פוילנס שניי דעם ליכטיקן און קלאָרן, —
געשענקטער זילבער מיט דער פולער האַנט,
מיין צירונג פון די ווייטע קינדער־יאָרן.

האָט איינמאָל ס׳צירונג מיינס אַ רויבער־האַנט
אַריינגעכאַפּט אין זאַק, אַוועקגעטראָגן
צוזאַמען מיט דער פרייד פון מיין געזאַנג, —
האַלט עס אין איין יאָמערן און קלאָגן.

איך זע , ווי אינעם ווייטן, ווייסן שניי,
אין שוואַרצע רייען גייען מיינע ברידער,
אַ רידל אין דער האַנט, אין האַרץ — דער ווי,
און ס׳וואַכט די ביקס אויף יעדן קריץ פון רידל...

דער וועג איז לאַנג, דער גאַנג איז שווער און מיד,
און שפּורן לאָזט ער דאָרט אין שניי פאַרלוירן,
און יעדע שפּור און יעדער צייכן פון די טריט
בלייבט ליגן ווי אַ חתימה פון מיין גורל.

ווי טונקלע כמאַרעס גייען ריי נאָך ריי,
און יעדער — ווי אַ שוואַרצער פלעק באַזונדער,
און דאָרט אין העק, ווי אויפן ווייסן שניי,
בלייבט יעדער פלעק אַ פלעק אויף דעם יאָרהונדערט...

דעם ווייטן באַרג האָט צוגעדעקט אַ שניי,
און דיך, מיין האַרץ, האָט צוגעדעקט אַן אומעט,
און דאָך — ס'איז נישט דערפאַר ווייל ס'טוט מיר וויי
פאַר מיין פאַרלאָשענעם שוין לעצטן זומער.

II.

וואָס קען דען זיין ווייסער פון שניי?
וואָס קען דען זיין שטילער פון שניי?
און דאָך —
דער שניי — וואָס כ'האָב געזען היינט ליגן
דאָרטן אויף דער הויכער ערד —
איז שוואַרץ געווען
און האָט געשריגן —
און קיינער חוץ איך האָט עס נישט געזען,
און קיינער חוץ איך האָט עס נישט געהערט. —

איך האָב גראָד געטראַכט פונעם שניי אין מיין היים —
איז די ווייסקייט פון שניי דאָ פאַרשווונדן געוואָרן,
האָט מיט יענעם טרויער דער באַרג זיך אַליין
צוגעדעקט, ווי מיט אַ טונקעלן צודעק — אַן אָרון...

איך האָב גראָד געטראַכט פונעם שניי אין מיין היים —
האָט דער שניי פונעם באַרג דאָ שוין מער נישט געשוויגן —
האָט פאַר יענעם טרויער און פאַר יענער פּיין
אפילו די שנייאיקע שטילקייט זיך צעשריגן... —

ביז פול איז געוואָרן די גאַנצע אַרומיקע ערד
מיט אָט דעם טרויער,
מיט אָט-דעם טרויער,
וואָס קיינער חוץ איך האָט אים נישט געזען,
און קיינער חוץ איך האָט אים נישט געהערט...

מאָנטאָרו אין די אַלפּן 1943.

## צו פוילן

צום דערנענטערן זיך פון די סאָוויעטישע
אַרמייען צו דער פוילישער גרענעץ.

היים, ווו דויערקייט פון דורות ביז צום הימל האָט געזאָטן, —
איצט ביסטו אין שטויב פון חורבן טיף פאַרזונקען און פאַרשאָטן;

איצט ביסטו דער טאָל פון ביינער, איצט ביסטו דער טאָל פון טרערן, —
האָב איך דאָרט מיין בליק פאַרגראָבן — זוכן די, וואָס מיר געהערן.

אויסגעמישט דער טאָל מיט ביינער, אויסגעמישט די טרערן רינען,
איז דעם זון דיינעם, אָ היים, זיי שווער דערקענען און געפינען.

גייט ער צו זיין שטאָם אינגאַנצן, צו זיין פאָלק אויף קבר־אבות —
זעצט זיך נידריק צו דער הימל אַזוי וויינענדיק, פאַראָבלט.

שפּאַנט ער, און די ברייטע שטחים שניידט ער שאַרף מיט זיין זכרון,
זעט ער, ס׳איז דיין פעלד צעגראָבן, נישט אין בייטן, נאָר אין קברים;

און ס׳איז רויט דיין זון־פאַרגאַנג — מיט בלוט, פאַרגאָסן פון רוצח,
און פון דיינע טיפע וועלדער טראָגט זיך ווייט מיט מתים־ריח.

טראָגט זיך דאָרט פון דיינע טיפן אַזאַ העלער אויסלייז־חלום —
נישט אין דרערד — ווי אין לעגענדעס — זיך צו קאָלערן און ראָלן...

נאָר אויף דרערד, אין גיכן ראָל פון טאַנקן אַנגעטון אין וויסן
טראָגט זיך ווייט דער שאָל: שטיי אויף! שטיי אויף תחית המתים!

ווערסט אויפסניי געבוירן ערגעץ אויף אַ קלאָרן שניי־געלעגער,
פאַנצערגאַנג אויף וועגן איילט זיך — זיין דיין ערשטער בשורה־טרעגער.

ס׳ליגט דאָרט אונטער אים דיין מזל, ווי אין שניי — זיין קייטן־זיגל,
זיינע פֿאָנען — וויקל־שנורן, און זיין יעדער טאַנק — דיין וויגל.

זע, קאָלאָנעס לאַנג ווי שטראַלן ציען זיך צו דיינע שוועלן —
דיך פֿון הארטן שלאָף צו וועקן און דיין טרויער צו באַהעלן.

בליאַסק פֿון סערפּ און הילך פֿון האַמער גרייכן שוין צו דיינע טירן —
וועלן דיינע שטעט ווי קריעס אונטער זייער שיין באַלד רירן.

שוועבקט און טראָגט דאָס הארץ אַ כוואַליע, — שוועבקט דאָס הארץ
אַ פֿרייד אין טרערן —
אַז מיין היים וועט באַלד דעם בליאַסק און הילך דערזעען און דערהערן.

1943

# קימפעט

אין שטילן צימערדיקן ווינקל פון דער פּראַקטיקער געבורט-קליניק,
אין טונקלע אָוונט-שאָטנס און אין מאַטן ליכט פאַרשפּינט;
אין רחמנות און אין צער קוקט פון איר בילד אַראָפּ מאַרי,
און ביי דער זייט — איר קינד.

נאָך וואָס האָט עפּעס איצט אַזוי צום קעגנאיבערדיקן ווינקל
מיט אומרו זיך פאַרקוקט איר מילדער בליק?
צי זעט זי מערער ווי, אין ווייסן בעט פאַרזונקען,
די געווינערין און ביי דער זייט — איר קינד,
ס׳געבוירענע מיט זיבן טעג צוריק?

ווער שטייט עס דאָרט ביי זייער בעט, ביי דעם צוקאָפּנס זייערן?
אַ בייזער גייסט? אַ טייוול? אַ געשפּענסט,
וואָס הערט נישט אויף צו טשאַטעווען און לויערן? —
אַ, ניין מאַרי, ס׳איז נישט קיין טייוול, וואָס דו זעסט דאָרט און דערקענסט, —
דאָס איז אַ וועכטער מיט כלי־זין אין די הענט און אויף די לענדן,
ער שטייט און היט די מוטער און דאָס עופהלע דאָס ניי-געבוירענע,
כדי עס מאָרגן, און אויך דיך און אויך דיין הייליקייט, צו שענדן,
ווי מ׳האָט נאָך קיינמאָל נישט דיין הייליקייט געשענדט.

אַ יידיש קינד איז עס, דאָס ניי־געבוירענע, מאַרי,
נאָר כ׳גלייב, אַז וואָלסט עס נישט געוווסט מסתמא
ווען כ׳וואָלט עס דיר נישט אויסגעזאָגט אַצינד,
און גוט איז אים צו ליגן ביי דער וואַרעם פון דער מאַמען,
ווי גוט עס איז און וואַרעם לעבן דיר —
דיין אייגן קינד.

ווי דיין אייגן קינד, וואָס לעבן דיר, מאַרי,
אַ, זע נאָר, ווי עס הערט נישט אויף צו וויינען און צו שרייען

ווען עפּעס טוט אים וויי און טוט אים קוועלן,
און ווי עס הערט נישט אויף אין לייכטן דרימל דאָרט צו שמייכלען,
ווען אין גוטן חלום זעט עס עפּעס, וואָס טוט אים געפעלן.

אַ יידיש קינד איז עס, דאָס ניי־געבוירענע, מאַרי,
מיט צוגעמאַכטע אייגעלעך, אַ ראָזס און גיי דערקען דעם חילוק!
עס שווימט אין קישנס, ווי אין ווייסע וואָלקנדלעך, אַרום
און דורך די אויגן־שפּעלטעלעך די דינע, צווישן וואַך און דרימל,
אַזעלכע ווייסע זעאונגען אויף אים דאָרט האָבן שליטה.
אין אַ ווייסן חלום איז עס ערגעץ־ווו, נישט הי, —
אַ, ניין, מאַרי, ס'איז הי, ס'וועט נישט אַוועק, דער וועכטער היט,
און אויך זיין ווייסן חלום אויפן ווייסן קישן היט ער,
און זע, איבער זיין קאָפּ פאַרפאַנצערטן, די זון ווערט היינט פאַרטיליקט!
פון ווייסע וואָלקנדלעך אַרוים מען שטעכט זי אוים,
ווי עמעצס אויגן ליכטיקע — מיט מעסערס, צי מיט דראָט;
פאַר די שטראַלן שלעפּט מען זי, מען רייסט זי און מען ציט,
ווי עמעצס קאָפּ דעם ליכטיקן וואָלט מען געריסן פאַר די האָר
צו שאַנד און שפּאָט.

קוק איין זיך גוט, מאַרי, צו יענעם ווינקל דאָרט, ס'איז פאַר צעשיידונג
פון געוויינעריין און קינד מיט היים און בעט,
וואָס מאָרגן וועט עס שטיין שוין דאָ אַזוי פאַרלאָזט און ליידיק.
מיט זיבן טעג צוריק איז עס געוועזן ראוי, ס'קינד,
צו פאַרלאָזן מאַמעס טראַכט, און מאָרגן וועט עס זיין שוין ראוי
צו פאַרלאָזן ס'קימפּעט־בעט און אַ ל ץ! —
פאַר וועלכן חטא, מאַרי? —
דו קענסט זיך דאָך אויף זינד און אויף חטאים!...

מאַרי, איך זאָג עס נישט צום פאָרוואורף און צום שלעכטן,
און אויך נישט אויף צו לעסטערן דיין גאָט.
איך פרעג, ווייל מאָרגן וועט עס מיט די הענטעלעך, דאָס קינד,
נישט דראַפּען זיך אין דעם געפלעכט פון קינדער־בעטעלע, —
נאָר אין געפלעכט פון שטעכעדיקן דראָט.
אינעם קינדער־וועגעלע דעם ליכטיקן וועט עס נישט פאָרן, —
ס'וועט פאָרן אין וואַגאָן דעם פינצטערן און דעם פאַרקלאַפּטן. —

וואָהין, מאַרי? מען זאָגט, דער וועג איז אומבאַקאַנט,
און דאָך געפינט זיך אויף דער ערד אויף אונדזוערער דאָס לאַנד. —
טראָגן וועט עס נישט די מאַמע אויף איר האַנט, איר אָרעם,
צו דער זון עס הייבן פון דער וויג —
נאָר טראָגן וועט עס אויף זיין האַנט, דער תליון,
און אפשר גאָר אויף זיין באַגנעט, מאַרי!
עס טראָגן הויך, ווי אַ טראָפּיי פון זיג!

קוק איין זיך גוט, מאַרי, צו יענעם ווינקל דאָרט, ס׳איז פאַר צעשיידונג.
און זע, ווי טרער פון מוטער און פון קינד איז אויסגעמישט, —
האָסטו געזען אַזאַ מין טרער ביי וועמעס תפילה.
זינט דו האָסט טרערן שוין געזען? איך גלייב, אַז נישט.
און זע דאָס בעט, וואָס מאָרגן וועט עס שטיין פאַרלאָזט און ליידיק
פון מוטער און פון קינד און פון רוצח,
און זאָל דיר דאַכטן, הייליקע, דו זעסט דאָ איצט
פון אַלע הייליקע דעם הייליקסטן מזבח,
הגם עס איז נישט מער ווי אַ געוויינלעך, פּשוט בעט,
ווי געוויינלעך, פּשוט ס׳קען נאָר זיין אַ בעט און מענטשלעך.
מיר דאַכט, האָסט קוקנדיק אויף אים דאָס פּנים זיך פאַרשטעלט,
ווי ס׳פלעגט מיין מאַמע מיט די הענט פאַרשטעלן
איר פּנים פאַר די שבתדיקע בענטש-ליכט,
און שווייגסט, און שווייגסט, ווי פאַר אַ תפילה, אויף די קני, —
אָ, ניין, איך וויל דו זאָלסט נישט שווייגן לעבן אָט-דעם בעט,
איך וויל, אַז שרייען זאָלסטו מיטן האַרץ פונעם פּאָעט,
מאַרי.

.1944

## יידיש וויג־ליד אין 16־טן יולי [1]

ליולינקע, מיין קינדעלע,
ליולינקע דו מיין,
ווי איז דיר און ווינדעלע,
שלאָף שוין, שלאָף שוין איין.

שלאָף שוין, שלאָף, מיין פייגעלע,
שלאָף שוין, שלאָף, מיין קינד.
ס'האָט פאַריאָגט פון צווייגעלע
די נעסט אַ בייזער ווינט...

ליולינקע, מיין קינדעלע,
ליולינקע דו מיין.
ווי איז דיר און ווינדעלע,
שלאָף שוין, שלאָף שוין איין.

ס'איז דער ווינט דיין ווינדעלע,
וויקלט ער דיך איין.
טראָגט ער דיך, מיין קינדעלע,
אין וויסטן וואַלד אַריין.

ליולינקע, מיין קינדעלע,
ליולינקע דו מיין,
ווי איז דיר און ווינדעלע,
שלאָף שוין, שלאָף שוין איין.

מאַנדעלעך און ראָזשינקעס
האָב איך פאַר דיר געוואָלט,
האָט אין וואַלד פאַרבלאָנדזשעט זיך
ס'ציגעלע פון גאָלד.

---

1) 16־טער יולי 1942, טאָג פון גרעסטע דייטשע מאַסן־רדיפות קעגן יידן אין פאַריז.

ליולינקע, מיין קינדעלע,
ליולינקע דו מיין.
ווייי איז דיר און ווינדעלע,
שלאָף שוין, שלאָף שוין איין.

האָט אַ וואָלף דאָס ציגעלע
ערגעץ־ווו פאַרציקט, —
ס׳קומט נישט מער צום וויגעלע,
ס׳קומט נישט מער צוריק...

ליולינקע, מיין קינדעלע,
ליולינקע דו מיין,
ווייי איז דיר און ווינדעלע,
שלאָף שוין, שלאָף שוין איין.

איצטער שאַרפט די ציינדעלעך
דער בייזער וואָלף אויף דיר.
מיר פאַר דיינע ביינדעלעך,
פאַר דיינע טרערן — מיר.

ליולינקע, מיין קינדעלע,
ליולינקע דו מיין,
ווייי איז דיר און ווינדעלע,
שלאָף שוין, שלאָף שוין איין.

כ׳וועל נישט לאָזן נעמען דיך,
כ׳דריק דיר צו מיר צו,
כ׳וועל מיט ציין פאַרקלעמען דיך
ביז אין טויטער רו...

ליולינקע, מיין קינדעלע,
ליולינקע דו מיין,
ווייי איז דיר און ווינדעלע,
שלאָף שוין, שלאָף שוין איין.

## מיר האָבן געוויינט ווען אַמאָל...

מיר האָבן געוויינט ווען אַמאָל ביי די טייכן פון בבל,
און איצט, וועלכער טייך אויף דער ערד קען נישט אונדזער געוויין? —
אָט שטייט זי, די ווערבע, געבויגן ביים ברעג, ווי אַן אבל,
נאָר אָנשטאָט די האַרפּע — צעהאָנגען איז אונדזער געביין.

און הערט ווי עס שפּילן די ווינטן אויף אים זייער טרויער
און יאָמערן דאָרט זייער קלאָג-ליד אין נאַכטיקן חושך אַריין, —
אַמאָל איז געבליבן נאָך אונדז אַ פאַרחרובטע מויער,
און איצטער זיצט שבעה נאָך אונדזערע טריט יעדער שטיין.

אָ, זע, ווי דער זאַק מיטן אַש איז דער הימל פאַרכמאַרעט, —
נאָר איצטער נישט בלויז אויפן קאָפּ פונעם נביא פאַרשפּרייט, —
ווי פונקען אין אַש, וואו-נישט-וואו דאָרט אַ שטערן נאָך זשאַרעט,
ווי לעצטע, פאַרבליבענע האָפענונג, צאַנקט און פאַרגייט.

נישטאָ מער די שטערן אפילו — די ליכטיקע עדות,
צו וועלכע מיר האָבן געשריגן אומזיסט אין דער נאַכט, —
זיי האָבן געהערט דעם געיאָמער פון אונדזערע זיידעס,
און סיי-ווי געשוויגן און גאָרנישט זיך וויסן געמאַכט...

איז גייט אייך פאַנאַנדער, איר עדות — איר ליכטיקע שטערן!
בלויז איינער ביים ראַנד פונעם הימל אין מזרח פאַרבלייבט, —
פאַרהייבט-זשע די אויגן פאַרפולטע מיט אימה און טרערן,
און ווי צו אַ רעטונג, די הענט צו זיין שטראַלונג פאַרהייבט!

און ווי מיט אַ וווּנד צו אַ לעשנדער היילונג געווענדעט,
מיר שטרעקן פון חורבות צו אים דאָס פאַרוויינטע געזיכט, —
מיר גיבן דיר אָפּ אונדזער בלוטיקע טרער און אויף שטענדיק,
אָ, טריקן זי אויס ביי דער שיין פון דיין הייליקן ליכט!

פּאַריז, 1944.

# אַנקום

צו די באַפרייער פון דער פוילישער ערד

ווילקאָמען, ליבע געסט! זאָל זיין געבענטשט דער אַנקום!
מיט בענטשונג זאָל דער הימל זיך אַראָפּלאָזן אויף אייך! —
ער וואָלט אייך היינט זיין ליכט, זיין גאַנצן ליכט געשאָנקען,
נאָר ס׳איז אים אַלץ נאָך ווינציק, און אַלץ — אים נאָך נישט גלייך.

ווי נעמט מען אַזאַ ליכט די קעפּ אייך צו באַשטראַלן?
ווי נעמט מען אַזאַ פרייד צום אויסגעוויינטן בליק?
ווי נעמט מען דעם טרומייט — די בשורה אויסצושאַלן?
ווי נעמט מען אַזאַ קלאַנג אויף אויסזינגען דאָס גליק?

ווילקאָמען, ליבע געסט! מיט גרויסן ברוך־הבא
פאַרבעטן האָריזאָנטן און עפענען זיך ברייט, —
ס׳גייט דאָס לאַנד אַקעגן אין שמאַטעס און אין שקראַבעס;
מיט הערצער, ווי בוקעטן, די ערד אַקעגן גייט.

ווי די האָריזאָנטן — הערצער, מאַכט אַ וואָרע! —
ס׳רוקן אָפּ זיך וועלדער און בוקן זיך מיט גנאָד,
די שטיינער אויף די ברוקן קריגן זיך און שפּאַרן —
ס׳וויל יעדער זיין דער ערשטער אונטער אייער טראָט.

ס׳רוקט זיך אָפּ פאַר אים דער מערב אַן אַנטבלויזטער,
נאָר פאַלט אייך צו די קנעכל חרפּהדיק און שטום.
ס׳וועלן אייער טראָט, דעם הילכיקן, יאָרטוויזנטער
הערן נאָך, דערציילן און גרויסן־זיך מיט אים.

אָט גייט ער דורך די ערד פון קברים אויפגעשוואָלן;
פון לעבעדיק־באַגראָבענע זי ציטערט נאָך און שאָרכט.
דער אויסגעמישטער גרוז פון שולן און קאָשטשאָלן
שיט זיך ווי אַ זאַלבונג און פאַלט אויף אייך מיט פאָרכט.

עס גריסן אייך דיביימער, עס גריסן אייך באַלקאָנען,
אויסגעפּוצט אין פרייד, אין יום־טוב אויסגעסטראַיט, —
עס זענען נישט אויף זיי געהאָנגען קיין וואַזאָנען,
קיין בליאונג, נישט קיין בלומען — געהאָנגען איז דער טויט!

די טויטע אויף די וועגן, די טויטע אויף די תּליות,
די קעפּ פון ווינט באַוועגט, זיי זאָגן אייך: אַ דאַנק.
אונדזער תּליה־סקריפּ זאָלט איר אין וועג פּאַרציען,
פּאַרציען אין אַ צאָרנדיקן, מעכטיקן געזאַנג!

די קעפּ פון ווינט באַוועגט, באַוועגט ווי אויף הסכּמה —
— נעמט אַראָפּ אונדז, ברידער, פון תּליה און פון שאַנד!
טראָגן זאָלט איר אונדז, ווי פאָנען פון נקמה,
טראָגן ווי שטורקאַצן דורכן תּליונס לאַנד!

און ס'שיט אויף אייך דער הימל מיט שנייעלעך — קאָנפעטי,
הערט נישט אויף צו שיטן מיט שנייעלעך און שיין, —
זאָל אייך זיין דער וועג אַ ווייסער, אַ געבעטעטער,
זאָל ער אייך אַ ליכטיקער מקבל־פּנים זיין!

דורך שנייעלעך ווי בליצן, דורך שנייעלעך ווי שטערן,
וואַרפן ווילט זיך אייך דאָס האַרץ איבערן רייַן;
ס'זאָל פאַלן ווי אַ בלום צו אייערע געווערן,
צעקושן זאָל עס זיך מיט אייער שווערדן־שיין!

די רויטע שווערד פאַרהויבן — די הייך האָט זי געטרונקען,
עס איז איר דער זעניט געווען אפילו קנאַפּ, —
העכער וועט זי איצט פאַרהייבן זיך — געטונקען
אינעם בלוט דעם טריפהנעם און טמאן פונעם שוואָב!...

טו זיך אָן אין שענסטן, מוטער־ווייסל מיינע! —
ס'פייפט דער פרייער ווינט אויף דיר אָנשטאָט דעם קנוט, —
זאָלן פאַטשערקעס און קרעלן זיין די טרערן דיינע,
רויטע סטענגעס זאָלן ווערן דיינע שטראָמען בלוט! —

און אַזוי אַ בלענדנדיקע, בונטע זאַלסטו שײַנען,
ווי די טעכטער דײַנע צו אַ חגא װען;
אַזאַ יונג-צעשטראַלטע היינט נעם־אויף די קינדער דײַנע,
די, וואָס האָבן לאַנג שוין, לאַנג דיך נישט געזען.

עס גריסט זיי דאָרטן ערגעץ לעבן דיר מײַן וויגל,
אויף קויל פאַרברענט אין חורבה פון ציגל און פון ליים;
עס גריסט אײַך לעבן אים מײַן מאַמעס אײַנשלאָף־ניגון, — — —
גרוס אײַך, רויטאַרמייער, אויף גאַסן פון מײַן היים!

און דאָרטן, וווּ ס׳האָט אַלץ פאַרציקט די צונג פון פײַער,
וווּ גאַנץ איז אפשר בלויז דער הימל און די זון —
זאָלן זיך די פאָנען, די רויטע פאָנען אײַערע,
לייגן ווי באַנדאַזשן אויף אונדזער יעדער וווּנד.

עס רײַסן זיך די גראָזן און ווילן אײַך דערגרייכן
און מיט אַ טרערן־פרייד אײַך פאַלן אויפן האַלדז,
עס וויל אַראָפּ צו אײַך די זון פון אירע הייכן
און זײַן צו אײַער אָנקום די טאַץ פון ברויט און זאַלץ!...

פּאַריז, יאַנואַר 1945.

## אויפן טויט פון גענעראַל טשערניאַכאָווסקי

ביים וועג, ווו ס'זעט זיך שוין דער פרייהייט-ווייזער,
אין שיין פון זיג און לעצטן אויסלייז-שפּאַן,
עס שטאַרבט ביים גרענעץ-ראַנד דער העלד, דערלייזער,
ווי משה ביי דעם ראַנד פון לאַנד כנען.

אַ, שטעלט זיך ביים געהייליקטן צוקאַפּנס,
און ס'האַרץ אין קריעה לייגט אים דאָרט אַוועק,
און אונדזער טרער די יידישע, גיט אָפּ אים,
פון טרערנלאַגל אינעם וואַגל-וועג.

די טרער, די יידישע, נישט אָפּגעווישט דורך יאָרן,
די טרער, וואָס גליט אין דורותדיקן וויי,
און וואָס פאַרלוירן טליען אירע שפּורן
פון מדבר-זאַמד און ביז צו ווילנער שניי;

אין חשכות טיפער, שטיקנדער אפילו
זי האָט אין טרייסט געלויכטן אויף זיין שווערד,
וואָס האָט, ווי אַ פאַרבלוטיקטע מגילה
דאָרט אויפגעוויקלט די באַפרייטע ערד.

אַ, בלוטיקע מגילה — ערד פון פוילן,
פאַרשנייט און רויט-באַפלעקטע ווילנער ערד —
מגילות אויסגעשפּרייטע ווי בית-עולמס,
מיט שוואַרצע אותיות — די קברים-בערג.

ס'איז גאָרנישטאָ אין יאָמערטאָל פון מתים,
חוץ ביינער און חוץ טויט איז גאָרנישטאָ!
עס ליגט דאָרט אויך משיחס פערד דאָס ווייסע,
און זיינע ריפּן פּיקט אַ שוואַרצע קראָ.

אוועק! אַ ווייסע נס קומט־אָן צו פליען, —
ער פאָרט אין שניי געשמידט און מיט געזאַנג!
עס קומט נישט אויף קיין ווייסן פערד משיח —
עס קומט משיח אויף אַ ווייסן טאַנק!

אָ, דורות איר פאַרוואַקסענע און גרייזע,
אָ, זעט, אַ גיבור גייט דאָרט אויף אין טאָל;
מיט גבורה גייט דער מענטש, דער העלד, דער־לייזער,
און ס׳פלאַקערט אונדזער צאָרן אויף זיין שטאָל.

אָ, זעט ס׳געווער זיינס אין זיין האַנט, דאָס וואכע,
און זעט דאָס האַרץ, געפאַנצערטס און געשטאָלטס,
און זעט זיין רויט־באַשטערנטע פאַפאַכע,
ווו ס׳רוט דאָס שטראַלנליכט פון אונדזער שטאָלץ.

ס׳קלינגט אָפּ אין זיין בלי־זין, ווי פון היילן,
דער קלאַנג פון קריגן לאַנג שוין אויפגעהערט;
דער קלאַנג פון אונדזער פאַנצערשילד און פיילן,
און פון פאַרזשאַווערטער, פאַרשעמטער שווערד.

נאָר אויפגעקלונגען האָט זי אויפדאָסניי היינט
ביי קריגערס העלדישע באַנייטן טראָט,
און שווערד און העלד געפאַלענע פאַר פרייהייט
זיי רוען איצט אין ווילנע, אונדזער שטאָט.

די ערד, ווו יעדער שטיין פון אונדז דאָרט גלעקערט,
צו אייביקייט זי טראָגט אים מיט באַגלייט
פון ווילנער גאון און פון הירשקע לעקערט,
און פון דער שטאָט, נאָר־וואָס דורך אים באַפרייט.

ווו ס׳פלעגט אונדז דעם געביין דער הענקער ברענען —
אין ווילנער ערד פאַרבלוטיקטער באַשערט,
ס׳זאָל רוען לעבן גאונס געגנזן־פענע
זיין הייליקע, נקמהדיקע שווערד.

נאָר ווי־זשע קען זי ליגן דען אַ שטומע? —
עס נעמען זי פון האַנט די ברידער־הענט,
און ווי אַ בליץ — אַ שליידער דורכן הימל,
צום שטורעמען דעם שונאס לעצטע ווענט.

אין שטורעמען דעם שונאס לעצטע מויער,
אַ, ווערבע אונדזערע, בייג איין זיך שטום! — —
בייגט־איין די קעפּ די טונקעלע אין טרויער,
און הייבט זיי אויף אין ליכט פון שטאָלץ און רום!

פּאַריז, פעברואַר, 1945.

# באַלאַדע פון דער באַרג-גייערין שאַרלאָטע

אויף שטעגעלעך באַקאַנטע, אויסגעטראָטן,
מיט סודות ווי פאַרשטעקטע אונטער הויט,
צו פאַרטיזאַנען איז אַרויף שאַרלאָטע,
געקלעטערט מיט גראַנאַטן און מיט ברויט.

עס דאַרף די נאַכט די רו פונעם געלעגער,
עס דאַרף דער טאָג די זעטיקייט פון ברויט,
און זי — דעם סוד פון די געהיימע שטעגן,
ווי ער, דער באַרג — די היציקייט פון שרויט.

איז אויפגעשטיגן הויך צו אים שאַרלאָטע
מיט קיישלעך זעט און אויפריים יעדע נאַכט.
דער באַרג, פאַרהויבן, ווייט די וועגן דראָט ער,
אַ פולער מיט גבורה און מיט שלאַכט.

אָט איז ער ווייס — מיט שניי באַדעקט דער נאַקן,
אָט איז ער בלאָ — אין נעפּלען אַנגעטאָן,
אָט איז ער רויט — אין שקיעהדיקן פלאַקער, —
אין פאַרבן דרייערליי, ווי פראַנקרייכס פאָן.

נאָר ליב איז ער געוועזן איר באַזונדער
אין שוואַרצקייט שיצנדיקער פון דער נאַכט,
ווען ס'מינדסטע ווינטעלע אפילו, ס'לינדע,
בלייבט שטיל און הערט זיך איין צום שאָרך-פאַרדאַכט...

זי ברענגט די שיין פון מיידל-בליק פאַרהויבן,
און פון געווערן שטאָלענע — די שיין,
און זיסקייט פון אָראַנזשן און פון טרויבן,
און זיסקייט פון די שמייכלענדיקע ציין.

ביז איינמאָל איז זי נישט אַרויף דערגאַנגען, —
פֿאַרשווּונדן איז זי ערגעץ אין דער נאַכט;
אין שאָטנס, שוואַרצער נאָך פֿון נאַכט — געפֿאַנגען,
וואָס האָבן איר דעם וועג צום באַרג פֿאַרמאַכט.

עס האָבן שטעגלעך באַרגיקע און קנייטשן
זיך נישט געקענט דערוואַרטן אויף איר טריט, —
דעם וועג צום באַרג נאָך איר שוין שניידן דייטשן,
און צייכענען איר לייב — אַ שניט נאָך שניט.

— „דו צויג פֿאַרפֿלוכטע, וועסט דאָס אָרט באַלד ווייזן,
אויב נישט וועט יעדער שניט דאָס אָרט דערגיין”, —
אויף שטעגן פֿון די אָנגעגליטע אייזנס
עס זוכן, ווי לאַמטערנס, בלאַנקע ציין...

דאָס אָרט ווו איז? — פֿאַרמאַכט אין אירע ליפּן.
דער באַרג? — פֿון ווונדן אויפֿגעגאַנגען גרויס,
איז אויפֿגעשוואָלן אויף איר הויט און ריפּן. —
אָט איז דער באַרג. און דעם נאָר קען זי בלויז!...

מער ווייסט זי נישט. זי שווייגט. ביז אויף אַן אמת
איז זי אַנטשוויגן, און האָט אויפֿגעהערט
צו ווּסן צי עס גליען נאָך די קלעמען,
און צי דאָס הייסע שטאָל נאָך דריקט און שווערט.

זי שווייגט, ווי צווישן טרוים און צווישן דרימל,
און ווייסט נישט צי דער ווייטיק איז נאָך שטאַרק, —
און אויפֿגעשטיגן איז זי ווי צום הימל,
און הויך אַרויף, אַרויף איז זי צום באַרג...

1945.

## זענען דאָס מײַנע הענט?

איך באַקוק מײַנע הענט און איך טראַכט,
און איך טו זיך אַ פרעג און אַ װענד:
זענען דאָס, זענען דאָס מײַנע הענט?
זענען דאָס יענע צװײ פון רמ״ח,
װאָס געטאָקט האָט זײ גאָט און געפורעמט
נאָך צו אדם הראשון דעם שטאָם?
זענען דאָס, זענען דאָס מײַנע הענט,
אויך װי יענע, װאָס האָבן געקענט
זיך שפּילן מיט קינדער־יסורים,
און זװיגלינגען װאַרפן אין פלאַם,
און װאַרפן צו שפּיזן און װענט,
און װאַרפן אין גרוב פאַר די אויגן
פון טאָג, פון דער זון און פון פויגל, —

זענען דאָס, זענען דאָס מײַנע הענט?

כ׳װעק די זון, װי דעם אַל־העכסטן גלאָק,
און איך פרעג בײַ דער שײַן פונעם טאָג,
און איך פרעג בײַם געװיקס אינעם פעלד,
און בײַ אַלץ, און בײַ אַלץ טו איך פרעגן:
זענען דאָס מײַנע הענט, װו איך זוך
פון גזילה און בלוט דעם גערוך;
צי זײ זענען באַהאַרט און באַפעלט
און מיט גיפט פון פאַרציקונג באַנעגלט? —
קענען דאָס מײַנע הענט טאַקע זײַן
פון דער זעלביקער הויט און פון בײַן,
װאָס זײ שלײַדערן קינדער צום פלאַם,
צו דער האַק, צו דער שפּיז און צום סם?

זענען דאָס, זענען דאָס מיינע הענט,
אויך ווי יענע — פון אדם הראשון;
אויך פון זעלביקן ביין און פון הויט? —
די, וואָס קענען באַרירן קלאַווישן,
און שניידן בנעימות דאָס ברויט,
און נעמען דעם לעפל צום צונג,
און אָנטון דעם חתונה־רינג?

זענען דאָס, זענען דאָס מיינע הענט —
שיק איך זיי צו דעם גרוב פון געוויין,
וואַרף זיי דאָרטן פאַרשעמטע אַריין,
אין דעם אָפענעם גרוב פון יסורים
און פון הענט, און פון הענט, און פון הענט,
וואָס געטאָקט האָט זיי גאָט און געפורעמט,
וואָס געטאָקט האָט זיי גאָט און געשענדט.

און פון דאָרטן זאָל גיין זייער פרעגן,
ווי אַ טענה געשטרעקט און געווענדט:
זענען דאָס, זענען דאָס מיינע הענט?!

1945

***

און גאָט האָט באַשאַפֿן דעם מענטש
לויט זיין געשטאַלט.
(בראשית, פרשה א, פסוק כ"ז)

אַט שטייט ער פֿאַר מיין בליק, דער בלוט-פֿאַרשמירטער קאַט, —
איז ער דער מענטש, וואָס קומט אַרויס פֿון חומש-בלאַט;
דער מענטש, וואָס גאָט באַשאַפֿן האָט לויט זיין געשטאַלט?
באַשאַפֿן אים צו מאָרד, רציחה און געוואַלד?
האָט גאָט אין אים זיין שפּור, זיין חותם איינגעקריצט?
זיין יעדן גליד געטאָקט, געפֿורעמט און געשניצט
— צום טראָגן די מסורה פֿונעם מענטשן-מין —
דעם פֿוס — צום טרעטן אויף צעוואַלגערטן רואין?
די האַנט — צום לעשטערן מיליאָניקן געביין?
דאָס מויל — צום לאַכן, שפּעטן פֿון גסיסה-פּיין?
אין גוף אַריינגעבלאָזן אים דעם אָטעם-הויך —
אויף צום דערשפּירן דעם גערוך פֿון בלוט און רויך?...
אַט שטייט ער פֿאַר מיין בליק... און כ'קוק אין שטויך, אין גאַף,
און כ'זוך אין אים די שפּור פֿון ערשטן אור-באַשאַף;
איך זוך אויף זיינע גלידער, אויף זיין גוף, און דאָרט —
כ'געפֿין די שבחים אָנגעהאָנגען — פֿאַר זיין מאָרד;
כ'זע רחמימדיקע בליקן פֿינקלען נאָך — פֿון זיי,
און כ'הער אין זייער קלאַנג — דעם קרעכץ פֿון גסיסה-ווייִ.
און כ'זוך אין זיין געזיכט, אין הויט, אין מינדסטן פֿאַלד —
איז ער דער מענטש — דער מענטש לויט גאָטס געשטאַלט?

## יזכור

ווּ זענט איר, פריינט פאַרשוווּנדענע פון מיינע אויגן?
קיין קלאַנג, קיין סימן קומט נישט מער פון אייך צוריק.
ס'האָט נאָך קיין שפּינוועבס אייער אָנדענק נישט פאַרצויגן,
און אין מיין האַרץ פאַרגייט נישט קיינמאָל אייער בליק.

ס'קומט יעדע נאַכט באַגלייטן מיך צו מיין געלעגער
דער צוג, וואָס האָט אייך אָפּגעפירט. איך הער זיין רוף,
וואָס ווידערקולט, אַ לעצטער, ערגעץ אונטערוועגנס;
איך הער, ער פאָרט אַריבער יעדע נאַכט מיין גוף.

מיין בעט איז ווייס. זיין ווייסקייט רעגט מיך אוּן באַליידיקט,
און אָפט, פאַרוואַנדלט זיך אין שוואַרצקייט פון אַ גרוב.
ס'ווערט פול דאָס אויג און ס'האַרץ אָן אייך איז ליידיק,
ווי אויסגעליידיקט, פּוסט ס'איז איצטער אייער שטוב...

ס'איז אָפט אַ תהום, אַ שוואַרצער תהום מיין ווייסער קישן,
עס קוקט מיין זוכנדיקער בליק אין אים אַראָפּ, —
ער פּרוּווט דעם שטח צווישן מיר און אייך פאַרווישן.
דורך אָפענער מחיצה זינקט צו אייך מיין קאָפּ.

איך גיי אין שטאָט. עס לייכטן שויפענצטער פילבלענדיק,
און איך — איך זע נאָך אַלץ דעם פלאַם אַרום געביין.
פון פריילעכע קאַפייען הילכט מוזיק, ווי שטענדיק,
און איך — איך הער נאָך אַלץ געשרייען פון פאַרגיין.

אין גאַסן גיי איך, ווו איר זענט אַמאָל געגאַנגען,
ס'איז יעדע מויער דאָ מיר היימיש, אַלט־באַקאַנט,
ס'באַהאַלט דער ברוק דעם קלאַנג פון טריט שוין לאַנג פאַרגאַנגען,
ביי טירן בלייב איך שטיין. ס'וויל אָנקלאַפּן מיין האַנט...

די קליאַמקע גליט אין מיינע פינגער. ס׳גלעקל יאָמערט.
כ׳הער אומבאַקאַנטע שטימען דאָרט, עס קלינגט געשיר,
נאָר איך, וואָס טו איך דאָ? — איך ווייס, איר זענט נישטאָ מער,
כאָטש ווי געוועזן איז די גאַס, דאָס הויז, די טיר.

כ׳אַנטלויף. ס׳לויפט נאָך די גאַס ביז אין די וויסטסטע גאַסן,
אויך זייער שיין פאַרטונקלט אייער שאָטן גלייך.
כ׳דערמאָן אייך אין מיין צער, מיין ליבשאַפט און מיין האַסן,
און אויך אויף סעודות פריילעכע דערמאָן איך אייך.

כ׳רוף אייך פון פייערן אַרויס, פאַרלאָשענע געשטאַלטן,
און פאַרכמיק-שטיל איר גייט מיט מיר אויף יעדן וועג.
כ׳ האָב אין מיין האַרץ פון אייער פלאַם אַ פלעמעלע באַהאַלטן —
ס׳זאָל זיין דאָס יאָרצייט-ליכט און ס׳ליכט פון מיינע טעג.

## בית-עולם אין איווּרי 1)

ס'איז האַרבסט אויפן בית-עולם פון איוורי,
און שטיל, ווי שטיל אויף יעדערן בית-עולם,
נאָר אַנדערש דאָרטן איז דער טויט אין אים,
אין טיפעניש פון קברים-ערד פאַרהוילן.

מיט בלעטער זענען קברים שוין באַשיט,
אַט לויפן זיי צעטראָגענע און איילן,
אַט טוליען זיי זיך שטיל צום גייערס טריט,
ווי וואָלטן וועלן עפּעס אים דערציילן...

דערציילט, בית-עולם-בלעטער פון איוורי, —
געשטאַנען זענען ביימער דאָ ווי עדות,
ווען ס'פלעגט פּאַריז באַוויינען אירע זין
און הילן זיך אין שאָטן פון אבידה.

געשטאַנען זענען זיי אין צער פאַרקלעמט,
צעשטעלטע ווי אין ערנוואַכן-שורות,
ווען שטעלן האָט זיך קיינער נישט געקענט
ביי די פאַרטאָגיקע געהיימע קבורות...

די רידלם האָבן גיך געקייט די ערד,
געגריזשעט אין געאייל און אין בהלה,
ווען ס'האָט אויף קברים, ווי אויף טרעף, געקלערט
דער פיינט צו קלעטערן צו זיין ממשלה.

אין פעסטונגען, ביי עקזעקוציע-ווענט,
דער לעצטער בליק אין חלל איינגענורעט,
און העלער פון באַגין דאָס ליכט זיינס בלענדט,
אַזש ס'האָט זיך ס'אויג פון פיסטאָלעט פאַרזשמורעט...

---

1) אַ בית־עולם לעבן פּאַריז, וווּ עס רוט אַ גרויסע צאָל געפאַלענע קעמפער קעגן דייטשן אָקופּאַנט, מערסטנס אויסלענדער און יידן.

ביז ס'האָט דער גרין פון הענקער ס'ליכט פאַרשטעלט,
פאַרלאָשן, ווי ס'פאַרלעשט דער גרונט אַ זעגל,
און ווי אַ שפּאַרבער דעם באַגין געקרעלט
האָט דייטשלאַנד מיט באַגנעטן, ווי מיט נעגל.

עס האָט נישט אויפגעהערט דער ביקסן־שלאָס
מיט מאַרסעליעזע זיך צו ווערגן און צו שטיקן,
ווען ס'האָט דער שפּאַרבער זיך געטון אַ לאָז
מיט לופּעס, ווי מיט שנאָבלען זי צו פּיקן.

די קויל האָט נישט אין יענעם אינדערפרי
געקענט דערהרגענען איר רום פון צייטן,
האָט זי באַגלייט די טויטע צו איוורי,
ווען נישט געקענט האָט קיינער זיי באַגלייטן...

איצט רוישט זי דאָרט און זינגט אין יעדן ווינט,
עס רוישט מיט איר דער האַרבסטיקער בית־עולם,
אָט דאַכט זיך, גיט זי זיך אַ וואָרף געשווינד
צום שטרייטן מיט די פאַלנדיקע קוילן...

זי כאַפּט זיך אויף און וועקט די טויטע רו,
פאַלט־אָן מיט ווגט, מיט גבורה און געשמעטער,
אָט פאַלט זי קניענדיק צו קברים צו
און פלאַטערט אין די פאַלנדיקע בלעטער.

אָט האָבן זיך די בלעטער ווילד פאַרדרייט
אַרום מצבות, קברים, — קאַראַהאָדן,
איין בלאַט יאָגט נאָך דעם אַנדערן פאַרשייט —
מיט ווינט און מאַרסעליעזע־ליד געלאָדן...

קלינגט־אויף מיט נייעם פייערלעכן קלאַנג!
שפּילט־אויף! — זאָל יעדעם בלאַט זיין אַ גיטאַרע!
אַז דער אַרום זאָל פּלאַצן מיט געזאַנג,
ווי ס'פּלאַצט אַמאָל מיט שטורעם אויף אַ כמאַרע.

אַט פֿאַלן זיי צו דרערד־צו מיט געשעפּטש,
מיט בשורה, מיט געפּליסטער און פֿאַרטרוייונג,
צום רויש פֿון שטורעם וועקן זיי די טויטע קעפּ;
צום ווייטן אָפּגעהילך פֿון באַריקאַדן־בויונג:

פֿאַריזער זומער. לעצטע אויגוסט־טעג.
עס רײַפֿט די פּרוכט און ס׳וועלקט דער גרין פֿון שונא;
דער צווײַט פֿון פֿרײַהייט בלענדט פֿאַר יעדן וועג.
ווער ווייסט נאָך פֿון סוף־זומערטעג אַזוינע?

בהלהדיקע וואָגנס. ראָד און שטיין
אויף גאַסן קלאַפּן אויס מיט רעש: מפּלה!
ווי גרינער קויט פֿון רינשטאָקן צום ריין
שווימט־אָפּ די לעצטע דײַטשישע ממשלה.

און בלעטער רײַסן זיך און דעקן אָפּ
מצבה־ברעטלעך, קברים, נעמען, נעמען...
אין ערפֿורכט לאָזן צווייגן זיך אַראָפּ,
עס בייגן זיך אין צער די כריזאַנטעמען.

אַ פֿרוי אין שוואַרצן בייגט זיך נידריק איין,
גלײַכט־אויס אין דעם וואַזאָן די פֿרישע בלומען,
זי נעמט דאָס זייד פֿון באַנד אין האַנט אַרײַן ,
גלײַך ווי דעם ליבסטנס האַנט וואָלט זי אין האַנט גענומען.

עס האַלדזן קרענץ אויף קברים יעדן שטיין,
פֿון בענדער שטראָמט דאָס רויט, ווי ס׳בלוט פֿון וווּנדן,
און ס׳שלאָגט פֿון זיי מיט הייליקער נר־תּמיד־שײַן
פֿאַר די, וואָס האָבן זי ביים פּלאַס פֿון שלאַכט געצונדן.

פֿאַר די, געקומענע אַהער פֿון גאָרער ווײַט —
עס זאָלן דאָ די קברים זײַן ווי שוועלן
צום גליק און צו דער אומגעקערטער פֿרייד
און צום געגאָרטן מאָרגנליכט, צום העלן.

# אַ קבר אין שטאָט

ווי מאָדנע ס'איז צו זען אַ קבר אין דער שטאָט,
אַ קבר אין אַ ווינקל סקווער, אין גאַסן-גראָזן.
דערלעבן ליאַרמען קינדער, טאַנצן אין אַ קאַראַהאָד,
און יונגוואַרג פריילעך טומלט, רוישט און לאַכט צעלאָזן.

ווי שטענדיק דרייט זיך אום דער שטאָטישער פּאַרקער,
אָט קינדער-וועגעלעך, אָט שווערע וואָגנס, אויטאָס.
בשכנות מיטן לעבן וווינט דער טויט אין סקווער, —
ווי אַ מעמענטאָ האָט דער קאַמף אים איינגעבויט דאָס.

בלייב שטיין! דאָ ליגט אַ קעמפער הינטערן שטאַכעט,
באַערדיקט אין געאייל, אין פייער פון געשלעגן,
ווען ס'האָט דעם רידל און דאָס טרומנע-ברעט
געדאַרפט די באַריקאַדע צום פאַרשטעל פון וועגן.

ס'האָט נאָך דער קבורה גלייך דער רידל אויפדאָסניי
געשליידערט גרודעס ערד און שטיינער מיט עקשנות.
נישט ווייט פון קבר, אין איר טרויער, די טראַנשיי
האָט אָנדענק-ליכט געצונדן — די פּאַטראָנעס.

אַוועק דער פיינט. פון האַקנקרייץ אין לעצטן פּאָך
געכאָרכלט האָט דער פויגל — אָפּגעפליקטע גאווה,
און אויף די גאַסן די פאַרלאָזטע זעט זיך נאָך
דאָ אַ צעשראַמטע שויב, און דאָ — אין סקווער אַ קבר. — — — —

אַ זקן קומט זיך צוזעצן בייטאָג אין סקווער.
אַ ראַדיאָ נאָנט און שפּערלען אין די צווייגן זינגען.
אַ מאַמע שטריקט אַ זאָק איר איינציקן זשאַן-פּיער,
וואָס שלאָגט זיך ערגעץ אויף די פראָנטן פון לאָטרינגען.

דער סקוועד האָט פון קיין בלומען נישט געוווסט, און איצט
קומט יעדער צוליגגן אַ בלימל, ווי זיין חתימה.
ביים קבר שטייט אַ בוים מיט הערצער אויסגעקריצט,
מיט אַמאָר־פיילן, איניציאַלן אַנאָנימע...

דערביי איז די ביסטראָ, די בעקעריי, ווו ברויט
שטייט אין דער שויב־וויטרין פול קוילן־שפורן, ראַצן.
אויף דרערד, פון זאַמד אַ כאָפּטע קינדער בויט
מאַזשינאָ־ליניעס, שלעסער און פּאַלאַצן.

און אויף אַ באַנק איר עופהלע אַ פרוי זייגט־אָן —
ס'גייט־אויף דאָס לעבן אינעם סקווער פון אירע הענט דאָ.
און ס'קבר ביים שטאַכעט, בשכנות נאָנט,
געווענדט איז צו דער גאַס, ווי אַ מעמענטאָ.

## TOUSSAINT

אין וואַנט, ביים טויער, צוגענאָגלט איז אַן אָנדענק־טאָוול,
צום טאָוול מיינע בליקן זענען צוגענאָגלט איצט,
ווער נאָר עס גייט פאַרביי איז דעם געשטאָרבענעמס אַן אבל,
דאָס גאָלד אין טאָוול איז מיט יעדנס טרערן איינגעקריצט.

עס טראָגט דער מאַרמאָר צו דער אייביקייט אַוועק אַ נאָמען,
פון דעם, וואָס איז געפאַלן דאָ, ביים ראָג, ביי אָט דער וואַנט,
און דורכגעשטרייפט מיט רויט איז ער, ווי ס׳וואָלט נאָך שטראָמען
דאָס בלוט פון דעם פאַרפייניקטן, דעם העלד פון ווידערשטאַנד.

נאָוועמבער. צו בית־עולמס גייט די שטאָט מיט כריזאַנטעמען,
צו מזכיר זיין נשמות פון די טויטע גייט זי פרום,
און ווער עס גייט פאַרביי, דער קען דעם טאָוול נישט פאַרשעמען,
און טראָגט אים צו, אין שווייגן, פון בוקעט די שענסטע בלום.

די רעגן־טראָפּנס פאַלן דאָ ווי טרערן פון באַדויער,
און דער נאָוועמבער־ווינט באַוועגט די בלומען אַזוי באַנג.
עס דאַכט, ווי אין די בלומען, אויפן מירמלשטיין, ביים טויער,
וואָלט די נשמה שטיל געשאָרכט, געשעפּטשעט אונדז: אַ דאַנק...

## יידישע קעמפער

איך זע זיי מיט שטריק אויף די העלדזער, ווי טייערסטן, הייליקסטן צירונג;
מיט לעכער פון קוילן אין לייב, וואָס פאַרייסן מיין ראיה מיט בלענדונג.
אין נעכט פון דערמאָנונג און פיבער איך הער זייער שאָרכן־באַרירונג —
זיי קומען אַריין אין מיין ליד מיט די הענט אויסגעשטרעקט, ווי אין ווענדונג.

מיר דאַכט זיך, זיי טראָגן, ווי לוחות, די פּראָסטע, די הילצערנע ברעטלעך
פון זייערע קברים, און שטעלן זיי אוים אויף מיין טישל, ווי ליכטער,
און כ׳זע אין דער שיין ווי זיי שטייגן פון קעלערס, פון היימישע שטעטלעך,
ביז צום עשאַפאָט פון טולוז, ביז צום טויט־סלופּ פון דייטשן פאַרניכטער.

מיט קעפּ דורכגעזאַלפּט און געזאַלבט מיט דער גלאָריע פון העלדישער גבורה —
איך הער זייער אָנקום, איך הער זייער שפּאַנען דורך פראַנקרייכס מהלך.
אָ, קליין איז און ענג פאַר די אותיות פון זייערע נעמען מיין שורה,
ווי קליין ס׳זענען ברעטלעך פאַר נעמען פון ראָלניקאַס, מוניע און וואַלאַך.

זיי האָבן די טרערן פון יידישע קינדער געקליבן ווי פונקען,
די טרערן פאַרביטן, פאַרוואַנדלט אין שפּליטערס צעשפּריצטע פון אויפרים —
און ס׳האָבן זיך תהומיקע טיפן געעפנט — דעם פיינט צו פאַרזינקען.
אַוועק איז דער אָפּהילך אין הערצער, ווי בשורות פון גאולה דורך שופרות.

זיי האָבן דעם קנאַק פון פאַרבראָכענע פינגער אין קלאַג און פאַרצווייפל
פאַרוואַנדלט אין הילכיקן שאָס און די פינגער — פאַרוואַנדלט אין שפּיזן.
ווען ס׳האָט זיך די חשכות די וויסטע אין שיכטן געטאָפּלט, געכפּלט —
עס האָבן .ווי פינגער, די רערן פון זייער כלי־זין געוויזן...

זיי זענען אַנטשוויגן. נאָך ציטערט אַן אָפּקלאַנג אין הערצער, און קופּערטס,
ווו ס׳ליגן פאַרמאַכט, ווי רעליקוויעס, געזעגענונגס-בריוו — סוווענירן;
עס שאָרכט דאָס פּאַפּיר מיט געמורמל פון אָפּשייד. עס שרייען די לופּעס.
און ס׳זענען די שורות די לעצטע, די קרומע, ווי שטעגן, וואָס פירן

צו פעסטונגען-ווענט, ווו עס שוועבן אין חלל חלומות צעשאָסן,
נאָר נישט פון פאַרטאָגיקער אורטייל-קאָמאַנדע און ביקסן באַצוווּנגען;
ווו ס׳האָט נאָך געזאַנג מיטן בלוט פון די מיילער צוזאַמען געפלאָסן,
און בלוט דורך געזאַנג האָט געשיינט, ווי באַגין פון די מאָרגנס וואָס זינגען...

# איך וועל זינגען

איך וועל זינגען פון אַלץ אויף דער ערד,
פונעם פלאַנץ, וואָס זי קאָרמעט און נערט,
און פון אַלץ נאָר, פון אַלץ וואָס באַגערט
אין מיין ליד אָפּצוקלינגען;
פונעם הילכיקן גאַנג פון מיין דור,
פון דער גאָלדענער שיין פון קאַיאָר,
און אפילו פון מיידלערשע האָר
וועל איך זינגען און זינגען.

איך פאַרבעט אין מיין ליד קינד־און־קייט,
סיי דאָס קינד , סיי די חשובסטע לייט,
כ׳האָב די שמחה פאַר יעדן פאַרגרייט,
יעדע רחבות געדונגען.
מיטן פראָש אין די זומפּן ביים טייך,
מיט דער גריל אין איר שוואַרץ קעניגרייך,
מיטן פויגל, וואָס זינגט אין דער הייך,
וועל איך זינגען און זינגען.

ס׳וויל נישט וויסן פון צוימען מיין ליד,
צו די רוימען די פרייע עס ציט,
צו די הייכן די בלאָע עס פליט,
כ׳וועל די שטערן באַצווינגען.
יעדער שטראַל איז מיין גילדענע פלייט,
יעדע נאַכט איז מיט לידער באַנייט,
וועל איך דורכגיין מיט זיי דורך מיין צייט, —
וועל איך זינגען און זינגען.

כאָטש געווײן וויל פאַרטרינקען מײַן שטים,
ס׳ליגט דער צער ווי אַ שטריק זיך אַרום, —
האָט די זיקנה קיין שליטה אויף אים,
אויף מײַן ליד, אויף מײַן יונגן.
ס׳האָט זיך קיינמאָל אויף דרויב נישט פאַרשוווענדט,
אים דער בליאַסק פון קיין מינץ — נישט פאַרבלענדט,
און דער טויט — נישט פאַרווערן געקענט —
וועל איך זינגען און זינגען.

וויפל ס׳זענען פון מיר דאָ אַוועק
און פאַרלוירן אין בלוטיקן העק,
כ׳קוק אַרײַן אינעם אָפּגרונט פון שרעק,
כ׳לאָז מײַן בליק דאָרטן דרינגען, —
ס׳גייט נישט מער שוין פון דאָרטן קיין קלאַנג,
זייער ליד איז פאַרלאָשן שוין לאַנג —
דאַרף נאָך הילכיקער זײַן מײַן געזאַנג —
וועל איך זינגען און זינגען.

מיט געזאַנג — איז מײַן האַרץ נישט אַליין,
ס׳דאַרף געזאַנג, ווי די כלה דאַרף חן,
ס׳דאַרף געזאַנג , ווי דאָס אויג דאַרף די שיין,
און ווי לופט דאַרפן לונגען. —
הייב איך אויף אַ „וויוואַט!” צום געזאַנג,
כאָטש אין אונדזערע בעכערס וועט לאַנג,
לאַנג נאָך פינקלען די טרער, ווי ס׳געטראַנק —
וועל איך זינגען און זינגען.

שפּאַרט זיך ליד מײַנס דורך ענגשאַפט פון הויז,
שפּאַן איך ווײַטקייט פאַרלוירענע אויס,
כ׳לאָז זיך פירן פון ווינטיקן ברויז,
פונעם פלאַטער דעם גרינגן,
כ׳טראָג די זון ווי אַ גאָלדענעם הוט,
און ווי קוואַלן אין טאָלן באַרוט,
ווי אין מענטשלעכע גופים דאָס בלוט,
וועל איך זינגען און זינגען.

גייען פעלקער נאָך רו און נאָך זעט,
גייסטו, פאָלק, מיט געאָרעמטע שטעט,
דו זאָלסט זיין, ווי אַ בלום אין בוקעט,
ווי אַ רינג צווישן רינגען,
זאָלסט פון צער מער נישט וויסן, מיין שטאַם,
און די ערד — ניט פון שווערדן דעם שראַם,
זי זאָל זיין אונדזער אַלעמענס אַם —
וועל איך זינגען און זינגען.

ס׳קוקט דער עבר — אַ פינצטערע הייל,
פול מיט נאַכט און מיט וועלפיש געהייל,
און מיט שלענג, אין די בייכער — געאייל,
און מיט גיפט אין די צונגען.
רירט נאָך ערגעץ די שלאַנגישע קנויל —
שטייט אויף איר אונדזער פוס, אונדזער זויל,
און מיט איר, אויף צעטראַטענעם גרויל,
וועל איך זינגען און זינגען.

כ׳בין, געזאַנג, אין דיין גבול נישט קיין גאַסט,
ס׳איז מיין לעבן צו דיר שוין פאַרקנסט,
און ביז ווען, פון געזאַנג, ווי פון לאַסט,
וועט מיין האַרץ נישט צעשפּרינגען —
פאַר מיין פאָלק, פאַר מיין אייביקן שטאַם,
פאַר זיין שם, וואָס פאַרגייט נישט אין פלאַם,
פאַר האַרץ וואָס איז ריין, אָן אַ פגם —
וועל איך זינגען און זינגען.

.1946

# לאַנד-אויס, לאַנד-איין

איך האָב געזאָגט: אויף ווידערזעען, מיינע ליבע,
איך האָב געזאָגט: אַ גוטע נאַכט, און בין אַוועק,
ווען ס'האָט מיין היימלאַנד מיך פון זיך פאַרטריבן
אין פרעמדן, ווייטן, אומבאַקאַנטן עק.

געלאָזט האָב איך אַ שאָטן דאָרטן ביי מיין טויער,
וואָס האָט מיין הילכיקן געזאַנג באַוואַכט,
און ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אינעם לעצטן לויער
נאָך גייט מיר נאָך די שטאָט, פאַרשטעלט מיט נאַכט.

פון גרענעץ שוין אַוועק, האָט נאָך פון ווייטן
געטראָגן זיך די היים צו מיין געהער;
זי רייסט זיך מיט געקלאַנג פון שפּאָרן און פון קייטן,
און אין געוויין פאַרגייט זיך שטיל די ערד. — — — — —

עס האָבן זיך פאַרקלערט די פרעמדע פעלדער,
אין יעדן לאַנד פאַרקלערט האָט זיך מיין טראָט,
דעם אָטעם האָב איך ווו פאַרלוירן אין דער וועלט דאָרט
פאַר זוכנדיקער שיין, פאַר אומזין און פאַרבאָט...

נאָר שטיל... — האָב איך מיין אָטעם אַ באַפעל געגעבן,
נאָר שטיל... — ביז איך האָב אים שוין נישט געהערט,
כ'האָב צוגעדריקט אַ שטומער צו דער ערד מיין לעבן,
און זיין האָב איך אַליין געוואָלט אַ גרודע ערד.

די נאַכט איז שטום, געטריי און היט די וועגן,
מיט חידוש קוקן שטערן שטיל און שיין, —
צי וועט זיי דאָרטן איינפאַלן צו פרעגן
פאַרוואָס איך טאָר היינט אויף דער ערד נישט זיין?

און קאַלט און בייז, מיט שטרענגע רייד, דערצאָרנט,
האָב איך געהערט — אייראָפּע יאָגט מיך נאָך
מיט אויסגעמיש פון שפּראַכן: „רוקי האָרע!
און „האַלט דאָרט, שטיינבלייבן, די הענדע האָך"!

כ׳הייב-אויף די הענט — מיט גרוס דער פּריי, זשאַנדאַרמען,
און נישט אויפן באַפעל פון אייער וואָרט;
און כ׳גיב די הענט און כ׳גיב דאָס האַרץ דאָס ווארעמס —
מיין נישט-געפעלשטן, גילטיקן פּאַספּאָרט.

צום בליק פון הויל געווער און רויטע צורות
האָב איך זיך צוגעקוקט און נישט געשטוינט, —
מיין וויג איז שוין געוווינט צו פאַרבן פון מונדירן
און צום געבליאַסק פון קאַלטן שטאָל געוווינט.

זשאַנדאַרמען, וואַכן, לייגט ס׳געווער אַנידער!
כ׳בין גלייכגילטיק צו אייער יעדן ריר, —
כ׳האָב שוין געזען דעם טויט פון מיינע ברידער,
געפאַלענע אויף שטיינער לעבן מיר. — — — — —

דורך יעדער צוים האָב איך זיך דורכגעריסן,
זיך דורכגעריסן מיט מיין לעבן און געזאַנג;
כ׳בין דאָ, חברים, ס׳גיט פון מיר צוּוויסן
מיין מינדסטער שטויב פון ווייטן וואַנדער-גאַנג.

כ׳בין דאָ, נאָר ס׳קען מיך נישט קיין פרייד פאַרוויגן,
ווען כ׳קוק, מיין היים, אַריין אין דיר פאַרקלערט,
און ווי אַ גוטער און געניטער קריגער
כ׳וועל צולייגן דאָס אויער צו דער ערד;

מיט אָפּגעהאַקטן אָטעם וועל איך הערן
דורך גרענעצן, דורך פעלדער און דורך שטעט,
ווי גייסט, מיין היים, אין האַרבן יאָך, אין שווערן,
און ווי דער הייסער אומרו דיינער, טרעט.

און ווי ס׳כאַפּט־אויף אַ ווינט אַ פונק פון פייער,
כ׳וועל אויפכאַפּן דעם רויש פון ווייטע טריט.
ווי לאַנג איך וועל נאָר הערן דיך פון ווייטיק שרייען
וועט שטענדיק שרייען אויך מיט דיר מיין ליד.

פּאַריז, 1937

## ביים ביטשאָמאָן-פּאַרק

.1

יעדע נאַכט, אין שפּעטע שעהן, כ׳הער זיך איין,
ערגעץ־ווו אַ קוקו לאָזט זיך הערן.
פרעג איך זיך אַליין: ווי קען דאָס זיין?
און איך קען שוין נישט אַנטשלאָפן ווערן.

אהאַ, דאָס קומט זיין שטים פון גרינעם ביטשאָמאָן,
פון די טונקלע, נאַכטישע אַלייען.
דאַכט זיך מיר, אַז אין דער פרעמדער שטאָט
ווערט דער עלנט גרינגער אונדז אינצווייען.

קען זיין, ס׳איז אפשר אים נישט אייגן דאָ דער פּאַרק,
ווי ס׳איז מיר די פרעמדע שטאָט נישט אייגן, —
יאָמערט ער זיין בענקשאַפט אויס דערפאַר,
ווען עס שווייגט דער פּאַרק און ווען די גאַסן שווייגן.

.2

יעדע נאַכט, אין שפּעטע שעהן, כ׳האָב געהערט
אַ קוקו אַ פאַרבלאָנדזשעטן אין שטאָט.
איצטער ווייס איך: אָפּגענאַרט איז מיין געהער,
און אַ געלעכטער הער איך פול מיט שפּאָט.

איצטער ווייס איך, אַז דאָס האָט אַ יעדע נאַכט
אַ זייגער ביי אַ שכן ערגעץ אין אַ הויז
די שיינע שטים פון קוקו נאָכגעמאַכט
און מיך גענאַרט אַזוי נאַכט־איין, נאַכט־אויס...

פּאַריז, 1937

## PAR AVION

אַ צוגעמאַכטער בריוו. אַ צעטל: פּאַר אַוויאָן.
איך האָב מיין בענקשאַפט אין פּאַפּיר פאַרוויקלט.
און איבער גרויסער ערד, אין דורכזיכטיקן בלאָ,
כ׳וועל באַלד זי איבער גרענעצן דיר שיקן.

ס׳וועט זשומען דער מאָטאָר אין טיפער נאַכט, אין רוים,
און מיט מיין האַרץ זיך טראָגן דורך די שטערן,
און דו וועסט אויפזיין נאָך, צי אפשר שלאָפן שוין,
און דורכן טרוים — מיך פון די הימלען הערן.

עס רוט דיין מידער קאָפּ נאָך רויש פון טאָג און מי,
די האָר אין קישן רחבותדיק צעשאָטן,
און פון די וואָלקנס) הויך — אַ ווינטעלע אַ קילס —
וועט אומגעריכט באַוועגן זיי מיין אָטעם.

עס טראָגט זיך דער אַוויאָן אין טיפער נאַכט און זשומט
פאַרביי דיין שטוב, דעם דאַך, דעם לעצטן גאָרן,
און זיינע פליגל, דאַכט, זיי נעמען דיך אַרום
ווי לאַנג־דערוואַרטע, אויסגעשטרעקטע אָרעמס.

פּאַריז, 1937

## צו אַ פּאַריזער מיידל

די ווינדע האָט זיך אויפגעהויבן מיט אונדז ביידן
און אונדז געטראָגן הויך, אי גרינג, אי ווייך.
ס'קען זיין, מיר האָבן זיך געוווּנטשן ביידע,
זי זאָל זיך גאָרנישט ענדיקן, די הייך;

מיר זאָלן אַזוי שוועבן הויך מיט אונדזער נייגער
פון דאַך אַוועק, צום הימל און צו זון
און שוועבנדיק, זיך אָנקוקן אין שווייגן, —
וואָס האָבן מיר געקענט דען אַנדערש טון? —

דו האָסט געשמייכלט און גערעדט צו מיר, דעם פרעמדן,
דיין שמייכל איז מיר נישט געווען פרעמד,
דיין לשון — אַזוי פרעמד און אומפאַרשטענדלעך,
און כ'האָב באַדויערט, זיך פאַרלוירן און פאַרשעמט.

מיר דאַכט, דו האָסט זיך אויך פאַרלוירן און פאַרשעמט זיך,
און זיך פאַר בושה אַזש פאַרוויטלט אומגעריכט,
צי אפשר איז עס גאַר געווען בלויז דעמאָלט
די אָנגעשמירטע פאַרב אויף דיין געזיכט...

נאָר אונדזער שמייכל, וואָס איז קלאָר, פאַרשטענדלעך,
נישט אויסגעמאָלט מיט פאַרבן — שיין און העל,
הייסט זאָגן מיר אויף זיכער, מיר דעם פרעמדן:
מיר פאַרשטייען זיך, מאַדמואַזעל!...

פּאַריז, 1937

# אַ פֿרוי אין מעטראָ

פֿון וואַנען פֿאָרט זי דאָס די פֿרוי אין ווייסן פֿאַרטעך?
פֿון מאַגאַזין, פֿאַבריק — אין אָוונטיקער שעה?
איר מידער קאָפּ פֿאַלט-צו צום באַנק-אָנלען דעם האַרטן
און צו דעם קילן, שוואַרצן פֿענצטער פֿון מעטראָ.

צי וואַרט אַ מאַן אויף איר מיט אָנגעגרייטן קוש דאָרט,
וואָס וועט זי זוכן ביים אַרויסגאַנג, פֿאַר די טרעפּ?
צי וואַרט אַ שטוב מיט גאַז-געזשום, געגרייטן טישטעך,
מיט בלומען אויף די ווענט און אין די בלומען-טעפּ?

ווער ווייסט? איך ווייס נאָר, אַז איר פּנים בעט זיך: אָפּרו.
דורך פּודער-פֿאַרב פֿון באַקן פּערלט דורך איר שווייס.
דער העלער בלאָנד, ווי מעש צעלאָזטער, פֿון איר קאָפּ רינט,
אַראָפּ אויף האַלדז-און-נאַקן פֿאַלט ער שטראָמענווייז.

געערוך פֿון טאַבאַק, ציַיטונגס-שאָרך, און ליבע-פֿליסטער.
זי כאַפּט זיך אויף און כאַפּט אַ בליק אין דער „הימאַ״,
און דרימלט. און רייסט-אויף דעם בליק מיט מי אומזיסטער.
די סטאַציעס לויפֿן דורך אין טומל, אין הו-האַ.

ווי שיין זי שלאָפֿט. זאָל מיין מחשבה איר ניט שטערן.
איר שלאָף און רו פֿון מיר ווערט אָפּגעהיט.
עס דעקן אירע וויעס צו אַ טאָג אַ שווערן,
און ס'וויל די וויעס אירע צודעקן מיין ליד.

# שלאַכט אין שפּאַניע

## 1. ווו העלדן שטאַרבן שטייענדיקערהייט

סעווילאַ — ריאַטינטאָ — באַדאַכאָז — —
ס'איז שווער געווען מיר מיטן ליד
דערגרונטעווען זיך צו די קופּעס פּיין,
צוקומען צום טויט,
צום אָנגעוואַלגערטן אויף שטיינער.
מיין אָטעם האָט געפּלאַטערט אויך מיט זיי,
מיט טויזנט לעשנדיקע אָטעמס גלייך אינאיינעם.
דער טאָג אַליין האָט גיך, פאַר טרויער און פאַר וויי,
געוואָלט פאַרשטעלן זיינע גאָלדיק-העלע פאַרבן —
ער האָט געזען,
אויף צירק-אַרענעס, אונטער ווענט, אין וועלדער, אויף אַספאַלט —
חברים נעמען זיך אַרום און שטאַרבן.

ציטערדיק, נערוועז און נישט-געשטילט
דעם תּליונס שנעלע קוילן-טאַשמעס לויפן,
ס'איז פול די לופט מיט מערדערישן זאַלפּ,
דאָס האָט אַליין די ווילדקייט זיך צעברילט
פון כעס און פון שגעון.
איך הער די גיכע קלעפּ פון די קאַליבערס —
דאָס שלאָגט דער גיבער, איילנדיקער דופק
פונעם האַרטן, גרויזאַמען אייראָפּע,
אָנגעגורט מיט אייזן און מיט שטאָל.
די צאָלן פון הרוגים שטייגן הויך —
עס שטייגן די פאַרבלוטיקטע סך-הכלען,
נאָר העכער שטייגט דאָס פאָלק פון שמאַטעס און פון ליים —
מיט ביקסן און מיט פויסטן ליכטיקע, ווי פאַקלען.

ווי ס׳האָט דאָס לעבן זיי געברענגט אינאיינעם,
האָט זיי אינאיינעם אויך געברענגט דער טויט, —
אָט דאָ, ווו ס׳האָבן אָקסן ווילד־צעיושעט
אין רויטן טוך געצילט די שאַרפע הערנער,
האָט פון די לאָזשעס, פון די ווייכע פּליושן,
געצילט דער תליון מיט די לופעס פון געווערן.
און שטאָט דעם טוך , האָט דאָ אַ בלוט־קאַלוזשע
אַוועקגעפּאַלדעוועט זיך גרויס און ברייט.
עס זעט דער העלער טאָג ווי העלדן שטאַרבן,
ווי העלדן שטאַרבן שטייענדיקערהייט,
און פאַלן, שטאַרבנדיק, זיך אין די אָרעמס
מיט לעצטער, ליבער אָטעם־וואַרעמקייט.

האָט ווער געזען דען ווען אַזויפיל גסיסה,
אַזויפיל גסיסה ערגעץ אויף אַמאָל?
האָט ווער געזען דען ערגעץ בלוט ווען פליסן
פון אַלעמען אַן אויסגעמישטער שטראָם? —
דאָס שטאַרבן העלדן שטייענדיקערהייט,
און אין לעצטן שלאָג פון זייער לעבן,
זיי הערן נאָך דעם גאַנג פון ברידער־רייען,
און מיט לעצטע בליקן טיף־פאַרזשמורעט,
זיי זעען נאָך דאָס טאָג־ליכט און דעם זיג,
און ווי אַרבעטער־קאָלומנעס גייען,
ציען ווייט, ביים ראַנד, ווי קוילן־טאַשמעס,
וואָס רייסן שטחים לופט מיט שטורעם.

די קאַרטע פונעם לאַנד ליגט אָפן פאַר די אויגן:
אין אַלע זייטן קרייצן זיך די שטעט און וועגן,
מיט אַ נעץ פון ליניעס איז די ערד באַצויגן —
נישט מיט ליניעס, נאָר מיט רויטע ריטשקעס בלוט;
זיי וועלן ווייזן דעם, וואָס וועט זיך פרעגן,
זיי וועלן ווייזן אַלעמען און פירן;
זיי ריזלען שאַרף דורך שפּאַניעס הייסער ערד,
דורך רויך, דורך אַש, דורך חורבות און דורך טרערן,
און גראָבן זיך אַ וועג צו הערצער און צו טירן.

עס רוען די געפאַלענע אויף איר,
איינגעהילט אין שמייכלענדיקער טרייסט, —
ס'האָט יעדער איינער דאָך אַליין מיט זיך
פאַרלייגט אַ שטיקל פונעם פרייען שטח
און מיטן אייגענעם געביין דעם שונאס גאַנג פאַרשטעלט. — — —
די רייען טרומנעם רוקן זיך פאָרויס
און ווי שאַרפע, דראָענדיקע מעסערס,
זיי שניידן דורך אייראָפּע אויף דער העלפט.

## 2. האַרבסטיקער רעגן

ווי שטענדיק איז האַרבסט אין איירָאָפּע;
רעגנט, ווי שטענדיק, אין האַרבסט,
הער איך ווי ס׳פאַלן די טראָפּנס
אומעטיק, וויינענדיק, האַרב...

כ׳האָב פיינט געהאַט שטענדיק דעם רעגן,
דעם האַרבסטיקן גראָ האָב איך פיינט, —
האָב איך דערוווסט זיך די רגע,
האָב איך די רגע געלייענט:

„אַדאַנק די פאַרגרעסערטע רעגנס,
וואָס פאַלן איצט איבער מאַדריד,
קען זיך דער פיינט נישט באַוועגן,
נישט רוקן פאָרויס אויף קיין טריט...״

איך לעג איצט מיין דורשטיקן קאָפּ אָן
אויף דער פאַרעגנטער שויב
און צו דעם געפּלייץ פון די טראָפּנס
שיק איך מיין דאַנק און מיין לויב.

דורך זיי, דורך די כמאַריקע טראָפּנס,
צום פענצטערל, צום פּאַראַפּעט,
שווימט־צו דאָס צעווייקטע איירָאָפּע
מיט שפּאַנישע, האַרבסטיקע שטעט.

איך זע ווי זיי שווענקען די פליגל
פון פיינטלעכן, פרעמדן פּילאָט —
וועט זיך דער טויט נישט צעוויגן
איבער די קינדער פון שטאָט.

עס שווימט אויפן הימל אַ כמאַרע,
מיט רעגן , צי מיט דינאַמיט? —
אויך זי וועט מסתמא פאַרשפאַרן,
פאַרשטעלן דעם וועג קיין מאַדריד.

כמאַרע, מיין טייערע כמאַרע,
דורך דער פאַרעגנטער שויב,
ס׳ליד, וואָס איז בלוטיק און וואַרעם,
שיק איך דיר אָפּ פאַר אַ לויב.

## 3. ווייַנאַכט 1936 אין מאַדריד

אַ נאַכט אין דעצעמבער. דער הימל מיט שטערן באַשיט.
און ס׳שלאָפט אונטער זיי און עס חלומט אַ קינד פון מאַדריד.

עס זעט, ווי אין וווּנדערלעך־גוטן און גליקלעכן טרוים
וואַקסט־אויס אין דער שטוב אַזאַ שטראַלנדיק־ליכטיקער בוים.

ער האָט אַזאַ שטאָלצער זיין רחבות פאַנאַנדערגעלייגט,
די לעמפּעלעך ווינקען, ווי שטערן, אַרויס פון געצווייג.

— אוי, מאַמע! — רופט־אויס פונעם גליקלעכן חלום דאָס קינד, —
עס שמייכלט פון שלאָף, נאָר עס הערט אים נישט קיינער אַצינד...

אַ נאַכט אין דעצעמבער. דער הימל מיט שטערן באַשיט.
און ס׳שלאָפט אונטער זיי און עס חלומט אַ קינד פון מאַדריד:

צום ווייַנאַכט־בוים קומט־אָן צופליען אַ מלאך אַצינד,
ער שוועבט פון אַ וואָלקן אַרויס און איז לייכט ווי אַ ווינט.

און צאַרט איז זיין בליק און זיין פּנים איז גוט און איז מילד
און בלאָ איז זיין קלייד און עס פאַלדעט זיך, ווי אויפן בילד...

ס׳צעקלינגט זיך דאָס גאָלד פון די לאָקן אין ליכטיקן רוים,
און ס׳רוישן די פליגל און ס׳שורשעט דאָס זיידנס קוים־קוים.

און ווו נאָר ער שיקט זיינע בליקן, ווערט ליכטיק נאָך מער,
עס דאַכט, ווי די זון וואָלט אינגאַנצן אַראָפּ אויף דער ערד.

ער פליט פונעם הימל, פאַר אים האָט דער דאַך זיך צעפראַלט,
און גליק וועט ער ברענגען און רו וועט ער היטן דאָ באַלד...

אַ נאַכט אין דעצעמבער. דער הימל מיט שטערן באַשיט.
און ס׳שלאָפט אונטער זיי און עס חלומט אַ קינד פון מאַדריד...

אַן אַנדערער מלאך פליט־אַן פונעם הימל , פון ווייט, —
פון פייער און רויך — זיינע לאָקן, פון בלעך איז דאָס קלייד...

ער פליט פון אַ וואָלקן, ער פליט פונעם הייליקן רוים;
ער פליט קעגן שטאָט, קעגן רו, קעגן קינדערשן טרוים.

דער הימל און גאָט איבער אים און פון אונטן — די ערד,
און ווי נאָר ער שיקט זיינע בליקן ווערט ליכטיק נאָך מער...

עס ציטערן מויערן אונטער זיין רוישיקן פלי,
און ס'בלייבט, אַ פאַרשעמטע, צעריסן די מענטשלעכע מי.

עס קוקט אין די פלאַמען מבולבל, צעשראָקן די נאַכט,
און הערט ווי עס קלינגט און עס דונערט דער טויט אויפן דאַך.

— אוי, מאַמע! — צעשרייט זיך פון שרעק און פון ווייטיק דאָס קינד,
עס וואַרפט זיך און וויינט, נאָר עס הערט אים נישט קיינער אַצינד.

און אָפּן, צום דרויסן אַרויס, צו דער נאַכט, צו דער וועלט,
עס זעט ווי עס האָט זיך דער הימל אין פורפור פאַרשטעלט.

און ס'לאָזן זיך נידריק אַראָפּ אַ פּאָר פליגל צו אים,
און נעמען אים גרויסע, צעשפּרייטע, מיט חושך אַרום.

עס פילט זייער הויך, זייער אָטעם אויף זיך און אַרום,
און צאַפּלט אין אימה און שטיקט זיך און וואַרגט זיך אין אים. — —

אַ נאַכט אין דעצעמבער. דער הימל מיט שטערן באַשיט.
און ס'שטאַרבט אונטער זיי און עס חלומט אַ קינד פון מאַדריד.

און אונטער צעוואַלגערטע מויערן, קוילן און פלאַם —
דער חלום ביי אים אויפן שטערן צעהאַקט און צעשראַמט.

עס שמייכלען די אויגן דורך שטיינער, דורך גרוז און דורך רויך,
און ס'שטשירען די ציינער צום הימל, צו גאָט, אין דער הויך.

## 4. צו דער ברענענדיקער שטאָט

הויך איז אַ פֿינצטערע כמאַרע באַפֿאַלן,
שטאָט איז באַפֿאַלן אַ פֿינצטערע שרעק,
הערט זי ווי ס'טופּען די פֿרעמדע וואַנדאַלן,
שלאָגן ווי האַסטיקע כוואַליעס צום ברעג.

טופּעט דאָס זאַמדיקע, הייסע מאַראָקאָ,
זשומט אינדערלופֿטן דאָס גרויזאַמע רוים,
שפּייט איבער גאַסן, אויף דעכער און שטאָקן
רויכן, ווי ווילדן און גיפֿטיקן שוים.

טופּען די טריט פֿון באַהאַלטענע העקן,
רוקן זיך נענטער און רוקן זיך שווער,
שוואַרצע חיילות, ווי פֿינצטערע פֿלעקן,
ווילן פֿאַרמיאוסן, פֿאַרשעמען דיין ערד.

יאָמערט אין חלל דער שטאָל פֿון סירענעס,
יאָמערט אַוועק אין פֿאַרוואָרפֿנסטער ווייט,
אונדזערע אָדערן, — אומרו-אַנטענעס,
הערן דיין מענטשלעכן ווייטיק, וואָס שרייט.

טייערע, ווייטער, מעטאַלענער וואָיען,
העכער צעטראָג זיך צו מענטשן און שטעט!
ס'לויפֿן דורך דיר די געוויינען פֿון פֿרויען,
קולות פֿון קינדער און זקנים-געבעט.

ווער קען דעם עלנט פון אָפענע טירן,
פרייע, געלאָזן צו שאַנד און צו שפּאָט?
ווער קען די בושה פון ליידיקע דירות,
הפקר, פאַרלאָזן, אויף קיינעמס באַראָט?

גיפּטיקע, גליאיקע שלאַנגען אויף העלדזער —
וויקלען זיך פלאַמען אַרום אויף מאַדריד,
האָבן די טעג זיך פאַרעקשנט ווי פעלדזן,
האָט זיך דיין ווילן געשטעלט, ווי גראַניט.

ביזעווען פלאַמיקע צונגען און קנאַקן,
קניען געביידעס פאַרשעמטע אין רויך, —
שטייג־זשע, מאַדריד, ווי אַ ליכטיקער פאַקל,
גיי־אויף אין פייער אַ שטאָלצע און הויך! — — — —

שטענדיק נאָך לעבן און רו אַ פאַרבענקטע,
עלנט, אפילו אין חורבות צעשיט —
אונדז אויף דער ערד און דער צוקונפט אַ דענקמאָל —
הויך, אַ פאַרהויבענע שטיין וועט מאַדריד.

אויב ס׳וועט נישט בלייבן קיין שטיין פאַר אַ סימן,
אויב ס׳וועט פון חורבות נישט בלייבן קיין קויל —
וועלן דערציילן די שטערן פון הימל
ווי אונטער זיי האָט געדונערט מיט גרויל.

הערסטו ווי ס׳הילכט אינעם מעכטיקן וואונדער,
אויף דער יבשה, אין לופט, אויפן ים?
דאָס האָט פאַרמאָסטן זיך אונדזער יאָרהונדערט
מיטן פאַרוואַקסענעם אורעלט און סם.

הויכן געשריי און געברום פון אַליאַרמען
האָט זיך געהאַרכזאַם די שטאָט אַנגעטרויט,
ס׳וועט זיך נישט בייגן מאַדריד פאַר דערבאַרמונג, —
זי האָט באַשווירן זיך: זיג אָדער טויט!

זע, ווי מיר האָבן די הייכן פאַרנומען
מיט אַ געטרייען און וואַכן געהער —
פליען באַשיצן די זון אויפן הימל,
פליען באַשיצן דאָס ברויט אויף דער ערד.

אונדזערע אָטעמס — די פרייע פּראָפּעלערס!
אונדזערע דופקס — דעם לעצטן מאָטאָר!
איינשפּאַנען וועלן זיך ווינטן און שנעלער
פירן דעם ליכטיקן פלי פון אַ דור!

1937

## 5. אַ שיף האָט געברענט

דער סאָוויעטישער שיף „קאָמסאָמאָל״
וואָס האָט געפירט שפּייז דער שפּאַ־
נישער רעפּובליק און איז דערטרונקען
געוואָרן דורך די פאַשיסטן.

אַוועקגעשוווּמען איז פון ברעג דער „קאָמסאָמאָל״
און שניידט פאָרויס די ווייטע וואַסער־וועגן,
מיט ווינטן ברידערט זיך זיין מונטער קול,
די פאָנען זיינע פאָכען — פלאַטערדיקע זעגלען.

אהין, אהין, ווו נידעריק דער הימל קניט
און בלאָ־פאַרזשמורעטע די גאָרע ווייטן גאַפן,
איצט איילט ער זיך מיט זיין באַפרייטער מי,
זי אויסצולאָדן פריינטלעך צו די האַפנס.

דעם הימל דאָרט, וואָס בייגט זיך נידריק אָן,
דעם ים, וואָס גיסט זיך דאָרט מיט אים צוזאַמען,
וועט עפענען אַצינד דער האָריזאָנט,
ווי רחבותדיקע אָרעמס פון אַ מאַמען.

נאָר נישט באַשערט געווען איז דער בלאָער ווייט
דערזען די שיף, איר ערשטן גרוס דערהאַלטן —
די שיף וועט נאָך איר בענקען טויטערהייט
אין תהום פון ים, אין טיפקייטן באַהאַלטן.

אומזיסט וועט וואַרטן לאַנג אַ הונגעריקער פּאָרט
מיט הייסע הענט פאַרהויבענע, צעברויזטע,
אַז זי זאָל צוקומען אַהין, צום הענט־געפּאַך
מיט מאַסטן הויך, ווי גריסנדיקע פויסטן.

ווייט פון לאַנד, אין פרעמדן ים, האָט מיט געוואַלד
זיך אָנגעיאָגט אויף איר אַ סטאַיע ים־וועלף
און שטיל, מיט שאַרף־געצילטן, פייערדיקן טויט
פאַרלאָקערט זיך צו איר און זיך פאַרגנבעט.

גישט ווי פון לייכטן, זיידענעם טומאַנען־רויך,
פון כישוף־מעשהלע, פאַרהוילן און פאַרצויבערט —
נאָר צווישן ים און הימל האָבן אויפגעטויכט
ווי געשפּענסטער, שיפן פון די רויבער.

זיי קערעווען און פירן לינקס און רעכטס
מיט לופעס פון האַרמאַטן, ווי מיט שנוקעס —
געפּאַנצערט, שווימט דער אוראַלט און דאָס שלעכטס,
און נאָענט איז שוין דער הויך פון די פאַרצוקערס.

עס רייסט זיך אָפּ אַ שאָס — אַ רויער בריל
פון דער געשווינדער, איילנדיקער סטאַיע.
פאַרוואונדעט, אויסגעקרומט פון ווייטיק, אין דער שטיל,
די שיף האָט איינגעקורטשעט זיך, פאַרטאַיעט.

זי האָט זיך אָנגעצונדן, און איר יעדער פלאַם
גאָך רייסט זיך ווי אַ רויטער שטורעם־זעגל,
אַ לעצטן פאָך דעם ווייטן, רחבותדיקן ים —
און — פרייער ים, אויף שטענדיק זיי געזעגנט!

עס האָבן שקיעות שוין צום וויפלדיקן מאָל
געברענט אין אים מיט בלוטיק־רויטע פאַרבן,
נאָר איצטער האָט זיך דאָס דער „קאָמסאָמאָל”
רויטער נאָך צעפלאַקערט פאַרן שטאַרבן.

און ווען דער שיף האָט צוגעדעקט דער לעצטער שטראָם,
מיר האָבן זי געזען נאָך אין די טיפן,
און ווי פון אַ פאַרלוירענעם אין ווייטן תהום,
מיר האָבן נאָך פאַרנומען אירע רופן.

—עס. אַ. עס! — דער אָונטיקער הימל ווײַנט
מיט מיליאָנען שטערנדלעך, ווי טרערן.
—עס. אַ. עס. ! — די שטים פון איר געביין
וועט מען פון די טיפן לאַנג נאָך הערן.

און ווען, שוין זינקענדיק, ס׳האָט רויט איר יעדע וווּנד
אַדורך דער ברייט און לענג פון ים געפלאַמט,
מיר האָבן זי, אַ צאַרטע, אַ געהייליקטע צו אונדז
אין גרונט פון הערצער טיף אַראָפּגעלאָזן.

און איצטער לײַכטן זיך דורך אונדזער הויט
די ברויזנדיקע פלאַמען פון איר שײַטער,
און זינגען־אויס דעם טרויער־הימען צו איר טויט,
וואָס וועט זי צו איר שטילער רו באַגלייטן.

און ערגעץ דאָרט, אין איר פאַרבענקטער היים,
אין ווייטן פאָרט, ווו זי וועט איצטער פעלן,
וועלן שטרענג און ערנסט רייען שיפן שטיין
און שווייגנדיקע וואַרטן אויף באַפעלן.

זי רוישט אין גאַנג, איר היים — די גרעסטע שיף,
אַ יעדן שטורעם שווימט זי אָן אַנטקעגן.
אַלע קוימענס — אירע מאַסטן אין דער לופט!
אַלע פאָנען אָנגעצויגן — אירע זעגלען!

1937

## שטערן איבער שפּאַניע

אַ גענויינלעך־שטילער אָוונט מיט גענויינלעך־שטילע שטערן,
מען האָט זיי שוין פון לאַנג באַזונגען און געחנפעט.
איצטער גאַפן זיי און קענען נישט באַנעמען וואָס זיי הערן —
אַ נײַ געזאַנג האָט זיך אַרויף צו זיי פאַרגנבעט.

שטערן אויפן הימל פון מאַדריד, וואַלענציע, באַרצעלאָנע,
דאָס רוישט דער טויט ביי זיי — דעם פרעמדן שונאס פליגל.
דער טויט — אַ לעמפּעלע — אַ שטערן — מ׳זאָל אים נישט דערקאָנען,
באַלד אַראָפּלאָזן וועט ער זיך צו אַ קינד אין וויגל.

ער באַהאַלט זיך ביי די שטערן, ער וויל אָנגיין פּאַר אַ שטערן,
ס׳קוקן זיך די שטערן איבער — זענען זיי דען מסכים?
ס׳לויערט דער מאָטאָר — די ערד זאָל אים נישט זען און הערן,
מיט אַ וואָלקנדל פאַרדעקט ער זיך ווי מיט אַ מאַסקע...

די שיינע שטערן... ס׳האָט זיך איצט מיט זיי פאַרשטעלט דער שונא,
פאַרשטעלט — ווי מיט די פרויען־קליידער אין אַלקאַזאַר־טורעם,
און ס׳שיט זיך שוין פון זיי מיט פייער, ס׳יאָמערן די רוימען,
און אונטן שרייט די ערד צעקרימט אין ווונדן און יסורים. — — — — —

חברים דיכטער, ווער עס האָט אין יענער נאַכט געשריבן
פון שטערן־שיין, וואָס האָט אין אייער ליד געשימערט, —
איר האָט זיך אָפּגענאַרט, אין אייער ליד האָט זיך פאַרקליבן
די שיין פון מאָרד, וואָס האָט דערגרייכט צו אייך פון הימל...

1937

# צום אָנדענק פון ברוך ניסענבוים (באַברוש)

פון שפּאַניעס פעלדער, פון טראַנשייען־גריבער,
דאָרט ווו אין פּאַרטן אונדזער לעבן איז פאַרבויט,
אין ווייטער פרעמד און ווייט פון דיר, מיין ליבער,
האָב איך דאָ היינט דערוווסט זיך פון דיין טויט.

אין בלוט פון שלאַכט, אין אומרו פון געפעכטן,
אַנטשוויגן ביסט, ווי דיין מאַשין־געווער, —
דאָך זע איך נאָך דיין ליכטיקן געלעכטער,
וואָס לייכט זיך איצטער דורך מיין שטילער טרער.

איך זע צום לעצטן מאָל נאָך שמייכלען דיינע אויגן
צום זיג, צו פרייד און גליק פון אַראַגאָן —
דער רויטער שׂרפה־הימל האָט זיך אָנגעבויגן
און דיך פאַרדעקט אינגאַנצן, ווי אַ פאָן.

ווי סאַראַגאָסע וואָלסטו וועלן נאָך דערגרייכן —
האָסט אויסגעצויגן צו דער ווייט די הענט...
ס'וועט קומען בלויז אַהין דיין העלער שמייכל
און ווי די זון — אַרומנעמען די ווענט...

אָט זע איך אים — געקומען פון דער אַרבעט,
מיט שווייס און אייל זיין שמייכל איז פאַרשמירט;
מיט שטויב פון גיסעריי אויף הענט און אַרבל,
מיט שפּליטערס פון מעטאַל די האָר באַצירט.

דער טאַטע קען די קלאַנגען פון געוויכטן,
דעם קופּער־קלאַנג פון קרעמערישער וואָג;
און ער — ווען ס'נעמט אויף טאָג נאָר ווערן ליכטיק —
דעם שטאָל־געקלאַנג, וואָס זיין וואַרשטאַט צעטראָגט.

דער טאַטע דאַוונט און זיין בליק פול זאָרגן
פאַרדעקט ער מיטן טלית אינדערפרי;
און ער — מיט אויגן אָפענע, ווי מאָרגנס,
ער גייט די זאָרג פאַרהילכן מיט זיין מי.

און ס'בעט ביי אים דער טאַטע: „ברוך, ברוך,
נו, וואָס וועט זיין פון דיר דער תכלית, זאָג?
געדענק און היט דיר דיינע יונגע יאָרן"...—
און יעדע נאַכט אַזוי און יעדן טאָג...

דער טאַטע רעדט און שטיל ער ציילט די ווערטער
ביז ער דערזעט, ער רעדט צו זיך אַליין,
זיין זון איז שוין נישטאָ — דער שטאָט געהערט ער,
ער גייט, און ס'קען זיין גאַנג דאָ יעדער שטיין.

די דזשיקע גייט אויף איינשטעל און געראַנגל,
און אונדזער גבורה איבער דעכער פליט,
און שטענדיק אין דער ערשטער ריי געגאַנגען
איז ער מיט אונדזער פאָן, מיט אונדזער ליד.

ער איז געווען דער דרייסטער פאָנען־טרעגער,
די פאָן געטראָגן ביז די וואָלקנס הויך,
פון אונדז ביז ווילאַמאַיאָר דע גאַלעגאָ,
ביז לעצטער קויל, ביז לעצטן אָטעם־הויך.

געדענקט דיך גוט דער מוראַנאָוו, די דזשיקע,
דער בלאָער הימל איבער זיי פאַרשפּרייט,
וואָס דו האָסט אים אין פאָנען־זייד געוויקלט, —
אין אונדזער טרוים און האָפענונג פאַרקליידט.

אַ יעדע טראַמוואַי־דראָט זיין פלאַטער קען שוין, —
דאָס האָט זיין האַרץ געפלאַטערט איבער שטאָט,
און וויַיט אַוועק — פון סטאַווקע און פון גענשע —
עס האָט מיט אונדז אַ יעדע דראָט געדראָט...

דעם ערשטן אָפּגעהילך פון ווייטע זאַלפּן
זיין לעבן האָט געהערט און נישט גערוט,
און פון דער דזשיקע ביז די ווייסע אַלפּן
עס האָט געוואַנדערט אויף דער ערד זיין מוט. — — — —

דער שונא שפּאַרט מיט פייער און הריגה,
און ברידער פאַלן לעבן אים, אַרום,
און ער איז ביים מאַשין־געווער אַנטשוויגן,
און לעבן אים — ס׳מאַשין־געווער איז שטום.

און ס׳בייגט זיך אָן דער הימל — רויט־פאַרגאָסן,
און דעקט אים צו אינגאַנצן, ווי אַ פאָן. — — — — — — —
און פאָרטן רוקן זיך אויף סאַראַגאָסע,
און שטורעמען די בערג פון אַראַגאָן.

דורך פלאַמען און דורך רויכן פון קאַנאָנען,
דורך גייענדיקע פאָרטן הויך מיט רעש,
אַ העלער , לאַנגער פאַס פון דער לבנה
פאַרוויקלט אים דעם קאָפּ, ווי אַ באַנדאַזש.

און פאָרטן גייענדיקע פאָרכטיק שווערן
ביי לעבן און ביי טויט, ביי ערד און זון, —
ס׳וועט סאַראַגאָסע באַלד צו אונדז געהערן
און וואַרשע וועט נאָך אויך געהערן אונדז.

און אָפּגעשווענקט פון אונדזער בלוט און טרערן,
פאַרהויבן פונעם פייער און פון פיין,
אין שיין געצונדן און צום אָנדענק און צו ערע —
וועט סאַראַגאָסע דיר צוקאָפּנס שטיין.

דיין חלום וועט איר יעדע גאַס פאַרמאָגן
און אין דער וואָר אים טראָגן הויך און שיין.
ווי הויך און שיין האָסט אונדזער פאָן געטראָגן —
מיר וועלן טראָגן דיך אין אונדזער זיין.

פּאַריז, 1938

## אַ זומער־פּייגעלע אויפֿן בעלוויל

וואָס טוט דאָ איצט אַ זומער־פּייגעלע,
פֿאַרפּלאָנטערט צווישן ווענט און טומל פֿון בעלוויל?
האָט עס זיך אין בלאָנדזשעניש פֿאַרגעסן און פֿאַרלוירן?
עס פּלאַטערט איבער גרינוואַרגן און גאַסן־וועגעלעך, —
מיינט עס, אַז עס האָט זיין היים צוריקגעפֿונען —
דאָס גרינע פֿעלד, וואָס איז געווען אי גוט, אי שטיל?
ניין, ס'איז נישט דאָס פֿעלד, ס'איז נישט דאָס זעלבע,
אומזיסט געווען די פֿרייד, אומזיסט, —
ס'איז יעדעס גרינס דאָ בלויז אַ דרויסנדיק געוועלבל,
און אָט וועט באַלד דער וואַכזאַמער פֿאַלים
פֿאַרהייבן ס'שטעקעלע ווי עפּעס אַ מכשף,
און פֿאַרשווינדן וועט דאָס פֿעלד פֿון ראָגן פֿון בעלווילער...
דאָס זומער־פּייגעלע וועט ציטערן פֿאַר איבערראַשונג;
איך נישט — איך האָב דאָס שוין געזען אַמאָל
אויף אונדזער גאַס, אויף אונדזער שמאָלע־מילע.

אָ, זאָל עס פּלאַטערן דאָס זומער־פּייגעלע. ס'איז גוט.
עס טראָגט מיך אויף די פֿליגל גלייך אַוועק
צו מיין זומערדיקער קינדהייט, צו מיין שטעטל,
צום נידעריקן געסל פֿונעם חדר;
עס האָט דער ניגון פֿונעם זומער־פּייגעלע
אַזוי געצויגן און געלאָקט,
האָב איך פֿאַרלאָזט דעם רבינס ניגון
און נאָכן זומער־פּייגעלע אינדרויסן
זיך געיאָגט.

כאָטש ס'האָט די זון פֿון אויבן מיך געוואָרנט: ניטע!
און מיך געשמיסן מיט אַ בינטל שטראַלן,
ווי דעם רבינס הייסע קאַנטשיק־ריטער —

בין איך געלאָפן אַלץ, געלאָפן אַלץ...
ס׳האָט אַזש אַ שטיק אין פעלד אַריין פאַרנאַרט,
שאַ... ס׳האָט, דאַכט זיך, אינעם פעלד אַנטדרימלט.
אָט וועל איך שטיל דאָס היטל מיינס פאַרוואַרפן,
און אין נייגיר און דערוואַרטונג הערן,
ווי ס׳פלאַטערט דאָרט אין מורא ס׳זומער־פייגעלע,
אינעווייניק, אין דער פינצטער, אינעם שאָטן,
ווי עס האָט דאָס קינדער־האַרץ געפלאַטערט
אונטערן פאַרשמירטן טלית־קטן.
אַ שאָד געווען דאָס היטל אויפצוהייבן
און פאַמעלעך שטיל זיך צוגערירט צו אים,
א שפּעלטעלע געמאַכט אין פאַרזיכט און אין שווייגן,
ערשט נאַ — איך האָב אַ היטל זון, אַ היטל גאָלד,
נאָר נישט דאָס זומער־פייגעלע... — — — — — — — — —

איצטער פלאַטערט עס אויספּניי, מיין זומער־פייגעלע. —
איז עס אפשר נאָכגעפלויגן מיר אַהער,
נאָכגעפלויגן מיט מיין קינדהייט אויפן רוישיקן בעלוויל? —
טאָ זאָל עס פליען פריי און נישט געשטערט, —
בלויז מיר, דעם מענטש, איז נאָר פאַרבאָטן היינט
פריי אַרומצוגיין דאָ אויף דער ערד;
בלויז מיר, דעם מענטש, איז איצטער נישט באַשערט,
זיך שטיפעריש פאַרפלאָנטערן אין זון־געוועב, ווי דו.
טאָ שטעל זיך אָפּ און האָב נישט מער קיין מורא פאַר מיין היטל, —
ס׳איז ווי דאָס היטל, איבער מיר אַליין פאַרוואָרפן היינט,
פאַרוואָרפן היינט דער גאַנצער הימל,
און איך — איך ליג איצט אונטער אים געפאַנגען.
און ווי דיין פלאַטערן אַמאָל, אונטערן היטל,
עס שטאַרבן אונטער אים די ליכטיקסטע געזאַנגען.

פאַריז, 1938.

## כ׳בין חבר מיט מיין שאָטן...

זינט איך געדענק זיך נאָר אַליין
האָב איך פון שטענדיק אָן אַ שאָטן.
איז ער געווען ווי איך אַליין,
מיט אַלעמען אין מיר געראָטן.

פון וואַנען נעמט ער זיך צו מיר?
משמעות, אין איינעם אַ סוף-זומער
איז ער אויך דעמאָלט גלייך מיט מיר
אינאיינעם אויף דער וועלט געקומען.

ווי כ׳האָב געשטעלט אַ פוס אויף דר ערד
איז ער שוין אויך ווי איך געגאַנגען,
ווי נאָר כ׳האָב אויסגעשטרעקט אַ האַנט,
איז ער געלאָפן באַלד דערלאַנגען.

אַזוי איז ער מיר יעדן וועג
פאַרלאָפן טריי, ווי זיינס אַ נאָנטן,
און פיין מיט מיר זיך אויפגעפירט,
ווי יעדער אָרנטלעכער שאָטן.

כאָטש איך בין גאָר אינגאַנצן קוים
אַ יינגעלע אַ קליינס לעת-עתה,
האָב איך אַ גרויסן שאָטן שוין,
אַ גרויסן שאָטן, ווי אַ טאַטע...

צעריסן איז געווען ביי מיר
דאָס בגד, ס׳העמד, דער טלית-קטן,
דערפאַר אָבער, ווי אַלע גלייך,
האָב איך געהאַט אַ גאַנצן שאָטן...

מען דינגט אים אויך אין חדר אַן,
ווי מיך,ביים זעלביקן מלמד,
ווי נאָר איך מאַך די ליפּן אויף—
ער שאָקלט זיך מיט מיר צוזאַמען.

איך קוק, און ס׳וווּנדערט מיך אויף אים:
ווי דאָס האָט נישט פאַר גאָט קיין מורא;
ער לאַכט פון מיר, ער קרימט מיר נאָך,
און שפּעט מיר נאָך דאָס לערנען תורה.

דער רבי כאַפּט אַ בליק און זאָגט:
— הער־אויף זיך דאָרט מיט אים צו רייצן. —
און ווי אַ יינגעלע אַ ווילם —
איך הער און פאָלג דעם רבינס עצה.

די מאַמע זעט דאָס, זאָגט זי אויך:
— אוי, משהלע, וואָס טוסטו, ניטע!
עס פעלט דיר אפשר צרות נאָך,
איז מוזטו טשעפּען מיט נישט־גוטע...

דו שטעקסט אים גאָר אַרויס די צונג?
ער קען דאָך אָפּטון דיר נאָך ערגערס,
אוי וויי מיר, ער קען דאָך גאָר
נאָך היינט ביינאַכט דיך קומען ווערגן!...

ס׳איז וויי דער מאַמען, וויי איז מיר, —
וואָס איך קען דאָ פון אים נאָך ליידן.
אַוועקגעגעבן וואָלט איך אַלץ,
אַז ער זאָל זיך מיט מיר צעשיידן.

איך טראַכט: אַן אומגליק, שלעפּט זיך נאָך,
אַזאַ פּאַרזעעניש, וואָס טויג עס?
איך האָב דיך, שאָטן, שוין געַנוג,
איך בין פון היינט־אָן מיט דיר ברוגז.

אַז כ׳האָב אָן אים חברים אויך;
חברים איידעלע, געראָטן, —
וואָס דאַרף איך אים? — און ס׳פאַלט מיר איין:
איך וועל אַנטלויפן פון מיין שאָטן!...

איך לויף נאָר קודם אָפּ מיין גאַס,
און דאָ — איך נעם אויפסניים ערשט לויפן.
עס זאָל מיר דויערן ווי לאַנג,
מוז איך שוין איצט פון אים אַנטלויפן.

פון שטאָט ארויס, אריין אין פעלד,
איך לויף געשווינד, מיט אַלע כוחות.
כ׳טו הינטער מיר אַ בליק צו אים,
ערשט נאָ — עס לויפט מיין שאָטן אויכעט!...

ווו ס׳לאָזט דער הימל זיך אַראָפּ,
דאָרט וועל איך אָפּכאָפּן דעם אָטעם,
כ׳בלייב שטיין. איך פאַל שוין מיד אַוועק,
ערשט נאָ — ס׳פאַלט אויך מיט מיר מיין שאָטן!

איך שפרינג אַזש אויף און לויף מיט כעס,
עס רינט דער שוויים אויף מיר און קיצלט.
אויב ס׳האָט אַ שאָטן ווען געשוויצט —
האָט ער, ווי איך, געמוזט אויך שוויצן. — — — — —

און לויפנדיק אַזוי, בין איך
בלויז פון מיין קינדהייט אָפּגעלאָפן.
און גרויסערהייט האָב איך אים היינט
שוין גאָר אַן אַנדערן געטראָפן.

איצט, ווען מיין היים איז ווייט פון מיר
און מיינע קינדער־טעג — נאָך ווייטער,
און ווען דער ברייטער שטח איז
צו־קליין און ענג דאָ פאַר אונדז ביידע, —

האָב איך זיך גראָד אָן אים דערמאָנט
מיט גרויס פאַרדרוס און מיט חרטה;
עס טוט מיך איצט נאָך אזוי באנג
וואָס כ׳האָב אַמאָל פאַרשעמט מיין שאָטן.

איך וועל נישט מער אַוועק פון אים.
ווען ס׳קומען פריינט דאָ אַזוי ווינציק,
ווען קיינער איז נישטאָ מיט מיר —
האָב איך אים גערן גאָר און גינציק.

און ווו איך גיי נאָר, גייט ער אויך, —
עס קען מיך מער זיין גיין נישט אָרן,
איך נעם אים אויך אפילו מיט
אויף שענסטע, ליכטיקסטע בולוואַרן.

ווען ס׳יאָגט די עלנטקייט מיך נאָך
אין אַט־דער גרויסער, פרעמדער שטאָט דאָ,
איז גוט כאָטש, וואָס ס׳איז לעבן מיר
פאַראַן אַן אייגן שטיקל שאָטן...

פאַריז, 1939

## די גאָלדענע תליה

מיר האָט ·זיך געחלומט די היינטיקע נאַכט,
אוי, נישט פֿאַר קיין יידישן דיכטער געדאַכט,
אַ שרעקלעכער חלום אַ וויסטער:
צוליבן נישט האָבן קיין אָרט ווו צו זיין
און ווו זיך אַהינצוטון מיט מיין געביין,
איז געוואָרן מיר ס׳לעבן פֿאַרמיאוסט דאָ.

כ׳מאַך אָפּ ביי זיך: איצט נעמט אַ סוף און אַן עק,
און כ׳טו מיינע הענט אין פֿאַרצווייפלונג אַ שטרעק,
צו דער הייך צי איך אויס אין דער לענג זיך,
איך גיב זיך אַ כאַפּ פֿאַר אַ שטראַל פֿון דער זון
און מאַך זיך אַ פעטליע, אַ תליה דערפֿון
און פֿאַרוואַרף אויף מיין האַלדז און איך הענג זיך...

אַדיע, זאָג איך, מאַמע־ערד פֿאַלשע, כ׳גיי־אויף
פֿון דיר, און איך שטייג אַ דערלייזטער אַרויף,
אויף אייביק פֿאַרלאָזט דיך מיין ראיה,
דו ביסט נישט פֿאַר מיר, נישט קיין היים, נישט קיין שום,
טאָ זיי־זשע מיר איצטער דאָס בענקעלע בלויז,
וואָס וואַקלט זיך אונטער מיין תליה...

און הויך , פֿונעם גאָלדענעם שטריק, פֿון דער זון,
איך קוק זיך פֿון אויבן אַ פרייער אַרום
אין ווייטע, פֿאַרבאָטענע רוימען,
די וועלט איז איצט מיינע און איך — אַזוי הויך,
(ווייל כאָטש איך בין טויט, בין איך לעבעדיק אויך —
ווי ס׳טרעפֿט זיך גאַנץ אָפֿט אין חלומות.... )

עס רייבט זיך די אויגן פאַרחידושט די וועלט
און שרייט, אַז איך האָב איר דאָס זון-ליכט פאַרשטעלט,
און האַלט אין איין דראָען און טענהן.
און פּלוצלינג גיט עפּעס אין לופט זיך אַ ריר,
דאָס יאָגט אַ מאָטאָרן-גערויש זיך צו מיר, —
אַ טשאַטע פון עראָפּלאַנען.

איר פייער וויל דווקא דערגרייכן מיך איצט,
נאָר כ'בין מיט דער הייך אַ געטרייע, באַשיצט, —
און לאָזט מיך צורו כאָטש אין חלום!
צוריק פאַלט אראָפּ איר גערויש, — צו מיין גליק
איז נאָך נישט אַזוי הויך די טעכניק, —
כ'קען ווידער מיר הענגען בשלום...

עס קומען די שרייבער, די דיכטער צוגיין
און מאַכן די פּילפּעדערס אויף, אַ געוויין
נעמט גיסן פון זיי ווי אַ רעגן;
מיט לידער, מיט ווידמונגען לויפט ער ארויף
„צו דעם, וואָס זיין וווינונג איז איצט דער אין-סוף״... —
דאָס וויינען די פריינט און קאָלעגן...

זיי לויבן מיך שטאַרק ביזן הימל אַריין,
ביז אַלץ הייבט מיר אָן אַזש קאַפּויער צו גיין,
ביז טויב און ביז דול קען מען ווערן, —
דאַן ריים איך אַ שטיק פון אַ וואָלקן מיר אָפּ
און גיב מיר די אויערן גיך אַ פאַרשטאָפּ —
אַז כ'קען נישט די לויב-לידער הערן!...

אַ, לאָזט בעסער נענטער מיין מאַמען אַהער,
איר האַרץ איז מיר נאָענט און נאָענט איר טרער,
און נאָענט איר שטים, וואָס איך הער איצט:
„עס איז מיר, מיין קינד, אַ בזיון דיין טויט,
דו נעמסט און דו הענגסט עפּעס דאָרט ווי אַ צוויט,
אַן חרפּה און אַן דרך-ארץ״.

„דער טאַטע איז נייגעריק שטאַרק צי ס׳איז וואָר,
וואָס מ׳הערט, אַז מען קען אויף אַן אמת און קלאָר
דיך אָנזען אין יעדער מדינה?
ער זאָגט, אַז געגאַנגען צו דיר וואָלט ער גלייך
ווען צושטעלן וואָלט ער געקענט צו דער הייך
די לייטער פון יעקב אבינו...״

און אָט דורך די גרויסע, צערודערטע שטעט,
מיין שטעטעלע שטופּט זיך פאַרעקשנט און בעט:
— „נו, קום שוין צו קבר־ישׂראל,
מען בעט זיך דאָך ווי ביי אַ גזלן ביי דיר,
עס מוז צו דיין הענגען דאָך נעמען אַ שיעור...״ —
איך הער , און איך ווער נישט נתפּעל...

ס׳איז לעבן מיר נאָר־וואָס אַ תּפילה אַדורך,
אַז גאָט זאָל מיר געבן פון הינטן אַ שטורך,
כ׳זאָל ברעכן פון דאָרט האַלדז־און־נאַקן,
אויב נישט , זאָל ער כאָטש אויף מיר געבן אַ קוק
און מיט זיין געשליפענער שאַרפקייט פון בליק
זאָל ער מיר דעם שטראַל איבערהאַקן.

מעג בעטן די וועלט — ס׳איז דאַ זיכער מיין אָרט,
און מעג זי מיך שעלטן צי וואָרענען דאָרט,
און וואַרפן זיך ווי אין קדחת, —
אַ וועלט, וואָס זי לאָזט מיך נישט זיין אויף דער וועלט,
איר אָפּטון וועל איך היינט וואָס מיר נאָר געפעלט
און הענגען, איר אויף צו להכעיס...

פאַריז, 1939

## פּאַסאַזש ד׳עפּאַטאָריאַ

(פראַגמענטן)

I

שפּרייט-אויס די הענט, און מיטן גאַנצן כוח, —
דאָס איז די ברייט פון פּאַסאַזש ד׳עפּאַטאָריאַ.
די פינגער רירן אָן די אַלטע ווענט די רויע —
אַ, ווענט פון אונדזער היים-געליבטער נאָרע.

זי פלעגט דאָס האַרץ פון פרעמד-פּאַריאָגטן וואָגלער
געטריי באַהאַלטן אין איר נעסט דער האַרטער,
איר חשכות — שיצן קעגן גיריקייט פון טאָג-ליכט,
די ווענט — פאַרשטעלן ווי דער מאַמעס פאַרטעך.

די פינגער רירן אָן... — אין ליבשאַפט דורכגענומען —
זיי האַלטן זיך אָן דיר אין איינזאַמע מעת-לעתן.
ס׳האָט ליב זיך אויסטענהן מיט דיר דאָס האַרץ דאָס שטומע,
און דיך אַריינגעמען אין אים — נישט צום פאַרגעסן;

ס׳איז שווער פאַרגעסן אים די דורכגענג — שטיקער פחד;
די געסעלעך פאַרדרייטע — אַרום אים פאַרוויקלט,
ווי ווילדע שלאַנגען אַרום האַלדז פון קונצנמאַכער,
וואָס נעמען אים גאָר צאַרט אַרום — נישט צום דערשטיקן...

כאָטש ס׳קוקט אויף דיר פּאַריז, ווי ס׳וואָלט זיך מיט דיר שעמען,
ווערט זיך נישט שעמען דער, וואָס פלעגסט אים האַלטן
פאַרהאַקט הינטער אַ טיר, ווי ס׳האַלט אין מויל פאַרשטשעמעט
די חיה ס׳קליינטשיקע — פון אומגליק אויסבאַהאַלטן;

פאַרקערט, ער וועט זיך גאָר מיט דיר נאָך גרויסן,
כאָטש ס'האָט פאַריז פאַרשאַרט דיך ווי אַ ממזר;
פאַר יענעמס זינד פון זיך אַוועק פאַרשטויסן,
דו זאָלסט נישט קענען קיינמאָל מער דיין שטאָם זען...

עס לויפט דאָרט ערגעץ־ווו אַרום פאַריז אַ דולע,
אין גלאַנץ פון רום, אין גלאַנץ פון ליכט אָנצאָליק,
נאָר איר, געהיימע געסעלעך, אין פינצטערניש אין פולער,
איר זענט בלויז אירע שאָטנס טונקעלע און שמאָלע.

פאַרבאָרגענע, פאַרפאַקטע דורכגענג — פאַסאַזש ד'עפּאַטאָריאַ,
מיט שטויב פון דורות און פון דויערקייט באַוואַקסן,
ס'האָט איינמאָל זיך פאַריז מיט ענגשאַפט דאָ באַוואָרנט,
אויף נישט אַדורכגיין מיט די רעדער פון אַ טאַקסי...

און חוץ דעם ליכט און חוץ די טאַקסי־רעדער —
די זון קען קוים זיך דאָ אַהער דערפאַקן,
מיט מי און מאַטער דראַפּעט זי זיך דאָרט און קלעטערט
און אין דער ענגשאַפט ברעכט זי האַלדז־און־נאַקן.

אַ וווּנדער בלויז, ווי ס'טרעפן אין די זונטיקס
די שיינע לידלעך צו די טע־עס־עפן 1)
און ווי עס האָט דורך דיינע לאַבירינטן
געקענט אַהער דאָס ליד פון דיכטער טרעפן...

2

און שלמה, ער אַליין, צי וואָלט ער דען געטראָפן,
ווען ס'וואָלט נישט עמעץ אים געפירט, אַהער געוויזן,
ווי ס'האָט דער דיכטער אים געפירט צו זיינע סטראָפן —
ער זאָל אין ליד, ווי אין פאַסאַזש, אַרומגיין מוזן.

1) T. S. F. — ראַדיאָ אַפּאַראַטן

און לוים דער פען, ווי לויט אַ שטעקעלע פון כישוף,
וואָס גיט אַ פּאָכע דורך מיט שטוינונג פון א רגע,
ווי בלעטער גיבן שלמהס נעכטנס זיך אַ מיש־אויף,
און ליב איז אים פון זיי די מינדסטע שאָרך־באַוועגונג;

און גוט איז אים אַזוי אין חלום פון דערמאָנונג;
אין נעפּל שווימט זיין בליק צו דעם, וואָס איז פאַרגאַנגען,
און אין זיין האַרצן שטעלט זיך אויס, ווי ס׳איז אַמאָל געשטאַנען
דאָרט יעדער טאָג, וואָס פּאַקט זיך אין די פינצטערע אַריינגענג.

אין האַרצן שטעלט זיך אויס: אַ וואַנט, אַ דאַך, אַ קוימען,
דאָס האַרץ — אַ קעסטעלע מיט קינדערישן שפּילצייג —
דאָס שטעלן אויס זיך זיינע אויפגעוואַכטע טרוימען,
וואָס אין פּאַפּיר פון ליד דער דיכטער צאַרט פאַרהילט זיי.

נאָר נישט אינגאַנצן דאָרט פאַרהילן זיי, די טרוימען,
נאָר נישט פאַרבינדן זיי מיט שורות, ווי מיט שטריקלעך, —
מען דאַרף אים פון פּאַפּיר אַרויסזען דאָרט, דעם שלמהן,
און זיינע טרוימען נישט פאַרהילן, נאָר צעוויקלען.

און אַלץ וואָס ער געדענקט און אַלץ וואָס ער דערמאָנט זיך
און אַלץ וואָס רייסט און שטופּט זיך צו זיין זינען,
פון צווישן שורות, ווי פון בייטן ערשט אַרויס אַ פלאַנצונג,
זאָל אויפגיין און אין גליק פון  ז יי ן  זיין גליק געפינען.

זי טרעפט דאָך און געפינט דעם וועג, די מינדסטע פלאַנצונג,
ווען זי איז אין דער ערד נאָך בלויזער תמצית — בלויזער קערן,
דעם וועג פון דרערד, פון אינעווייניק, ביז אינגאַנצן
דערזעען זיך אין דרויסן און אין פרייד פון ווערן;

און ס׳מינדסטע שטראַלעכל, פון שיין דער מינדסטער שפּליטער
דרינגט־דורך די דינסטע שפּאַרע — נישטיק און אומזעבאַר —
עס וויל אויך יענער זייט זיך כפלען און צעשיטן
און טרעפט אַהין, וו ס׳האָט זיין ווילן אים פאַרגעבן.

און צו זיין נעסט פון פאַראַיאָרן טרעפט צוריק דער פויגל
— די נעסט, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין געצווייג פאַרשפּונען, —
און בלינדערהייט אפילו טרעפט, געפינט דער זויגלינג
דעם נאָנטן, מוטערלעכן וואָרצל פון חיונה...

נאָר שלמה, ער אַליין, צי וואָלט ער דען געטראָפן,
ווען ס׳וואָלט נישט עמעץ אים געברענגט אַהער צופירן,
ווו שמאָלע דורכגענג האָבן אים באַגעגנט ברייט און אָפן
און אים פאַרבונדן ווי די ערשטע וויקל־שנורן.

## די צווייג און די ביקס

מען האָט אין אַ פרילינג אַ צווייג פון אַ בוים אָפּגעשניטן,
צוזאַמען אויך מיט אַ צעעפנטן קנאָספּ אַ צעבליטן;

מיט פייגל־געזאַנג — ס'האָט די האַק אים פאַריאָגט און צעשטערט אים —
און אויך מיט אַ שטראַל, וואָס געהאַלדזט האָט די צווייג און געצערטלט;

און אויך מיט די ווינטן, וואָס פלעגן די בלעטער צעקעמען. —
איצט ליגט זי, די צווייג, אויסגעצויגן אויף דרערד אין פאַרשעמונג.

און ווען איבער איר האָט דער בוים אַלע צווייגן פאַרבראָכן,
האָב איך דאַן געהערט איר געוויין אַ פאַרשפּאַרטס אונטער מאָכן.

און ווען ס'האָט די שאַרף פונעם מעסער איר הויט אָפּגעשונדן,
האָב איך דאַן געפילט אויף מיין לייב אירע אָפענע וווּנדן.

מען האָט זי געגלעט מיטן הובל — ס'איז ווי צו דעם גלעטן —
ביז ס'האָט זיך דער הובל פאַרקרעקט און זיך איבערגעזעטיקט.

מען האָט זי מיט לעדער, מיט שטאָל און מיט אייזן באַשלאָגן —
און איצט וועט מיין מידער, פאַרמאַטערטער אַקסל זי טראָגן...

מען האָט אין אַ פרילינג אַ צווייג פון אַ בוים אָפּגעשניטן,
און איינמאָל אויף שטענדיק פון לעבן אין טויט זי פאַרביטן.

און ווען עס וועט רופן די פרייהייט, וועט רופן דאָס לעבן,
און מ'וועט זי אַ הייסע, געלאָדענע, מיר איבערגעבן, —

וועל איך נישט פאַרגעסן אין שלאַכטיקע פעלדער און פליינען
צו שלאָגן זיך פאַר איר פאַרשניטענעם פרילינג, ווי מיינעם...

כ׳וועל שלאָגן מיט איר, און ביז כּוח און פייער וועט קלעקן,
ביז מירן נישט בײדע דעם שונא פון פרילינג פאַרמעקן.

און ווי אַ דערלייכטערונג זיין וועט זי מיר אויפן אַקסל —
ס׳וועט אפשר גאָר ווידער איר קנאָספּ דאָרטן אָנהייבן וואַקסן?...

כ׳וועל שלאָגן... ביז אָנקומען וועט די מינוט פון צעשיידונג,
און אויסקומען וועט אונדז פאַרלאָזן זיך איינער דעם צווייטן;

און אויסקומען וועט מיר צו זאָגן: מיין ליבע, זיי מוחל,
באַשערט איז פאַרלוירנגיין איצטער אין בלוט און אין רויכן. —

איז וועל איך זי דעמאָלט מיין חבר אין האַנט אַריין געבן
און איבערגיין זאָל זי פון מענטשן צו מענטשן — ווי ס׳לעבן.

און אויך אינעם קבר, כּמעט טויט, וועט מיין האַרץ פאַר איר גליען,
ביז ס׳וועט נישט צוריק פון דער ביקס זיך דער פרילינג צעבליען.

פּאַריז, 1938

## פ ר י ל י נ ג...

איך פרעג, צי זאָל איך זינגען וועגן פרילינג,
כאָטש ס'איז ווי שטענדיק פרילינג איצטער אויך —
כ'האָב מורא, ס'וועט דער בוים זיך נישט פאַרהילן
אין נייעם צווייט — נאָר אין קאַנאָנען-רויך.

צוואָס-זשע ס'ליד? דער פרילינג וועט עס דאַרפן?
איך זע אים ליגן שוין אויף דרערד פאַרברענט,
פון דייטשע פלאַמען-וואַרפערס אָפּגעשרפעט,
אויף קויל און אַש פאַרטיליקט און פאַרלענדט.

דאָס קלענסטע בלעטעלע, דאָס מינדסטע גרעזל,
וואַכט-אויף און קורטשעט זיך אין סם-געררוך,
עס קומט די שוואַלב, וו ס'איז איר נעסט געוועזן,
זי קען שוין מער דעם וועג אַהין נישט דורך.

עס ליגט איר נעסט, די לאַנג שוין אויסגעבענקטע,
פאַרשליידערט און פאַרשאָטן אין רואין,
ס'פאַלט פון אַ טויטן-שטראַל די שוואַלב אַן אָפּגעזעגנקטע —
נישט אין דער זון פאַרפלאָנטערט איז איר פלי...

איך פרעג, צי זאָל איך איצט דעם פרילינג הערן,
וואָס וויל צום ליד מיט אַלץ וואָס שיין און גוט —
כ'האָב מורא, ס'וועט דאָס פעלד שוין גרין נישט ווערן,
נאָר רויט — פון אונדזער מענטשלעך בלוט.

עס וויל צוריק אַריין אין צווייג וואָס גיכער
דער קנאָספּ, וואָס האָט נאָר-וואָס זיך אויסגעפּיקט,
ווי ס'וויל דאָס נייע פרילינג-ליד פון דיכטער
אין האַרץ אַריין צוריק.

1939

# באַלאַדע פֿון דער פּאַרנומענער שטאָט

מיר האָבן אין שלאַכט היינט פּאַרנומען דעם שונאס אַ שטאָט, —
אָ, מיר, סאָלדאַטן, מיר שטאָלצע, מיר העלדישע חברה!...
דער פּען מיינער אויסזאָגן וועל איך, פּאַרטרויען דעם סוד,
אַז דאָס איז געשען אויפֿן היימישן פעלד, אויף מאַנעווורעס...

איצט גייען מיר צריק מיט געזאַנג און פּאַרהויבענע קעפּ
— מיר גיבן זיי איבער דער שיין פֿונעם רום צו באַשטראַלן —
עס זענען ביי אונדז די שינעלן מיט בלאָטע באַקלעפּט —
אָ, אונדזערע פּראָסטע און פּשוטע זעלנער-מעדאַלן!...

איצט גייען מיר צריק מיט געזאַנג און מיר טראָגן מיט זיך
דעם וויכטיקן זיג — די פּאַרנומענע שטאָט אויף די פּלייצעס.
מיר גייען און גייען און פֿרעגן: וואָס טוט מען מיט איר?
וווּ טוט מען אַהין זיך, ווי גיט מען מיט איר זיך אַן עצה?

עס טראָגט עפּעס יעדער פֿון אונדזערע רייען מיט זיך:
ווער ס׳טראָגט אַ פֿאַבריק, ווער אַ פּאַרק, און די אַנדערע — גאַסן.
דער שווייס נעמט שוין רינען פֿון אַלעמען שפּאָר און געדיכט,
און דאָך איז אונדז גרינג, ווייל ס׳איז זיס אונדז און טייער, די משא.

און ווער ס׳האַלט דאָס ראָטהויז, און ווער — די מלוכישע באַנק,
און ווער דאָס שפּיטאָל, דאָס טעאַטער, און ווער — די מוזייען.
עס טראָגט זיך פֿון אַלעמענס טאַשן אַרויס אַ געקלאַנג —
דאָס קלינגען פֿאַרשטיקט אין דער פֿינצטער די הינע טראַמוואַיען.

און ווער, ווי אַ קינד אויף דער האַנט, די געבורט־קלינִיק האַלט,
אַ צווייטער גאָר — ס'הקדש פאַר קאַליקעס און משוגעים,
אַט גייען די גרויסע פאַבריקן, אויף זיי ווי אַ וואַלד —
די רויכנדע קוימענס, פאַרהויבן צום הימל, צום בלאָען.

האַט איינער אַ קלויסטער אַ לאַנגן אין פּאַסיק פאַרשטעקט,
אַ צווייטער — דאָס הויז דאָס פאַרחתמטע פון די פאַריינען,
און איך — האָב געגומען די נישט־גרויסע שטאָט־ביבליאָטעק,
דערצו אַ לאַמטער — איך זאָל זען דאָרט אין וועג וואָס צו לייענען.

נאָר לייענען דאָרט איז, וואָס אַן אמת, געווען זייער שווער,
— כאָטש ס'האָט די לאַמטער מיר געשענקט אירע ליכטיקע שטראַלן —
ווייל עמעצער האָט מיר כסדר פון פאָרנט געשטערט, —
געשטורכעט מיר אָפּט מיטן שפּיץ פון זיין שטאָט־קאַטעדראַלע.

דאָס הויז פון דער גרויזאַמער תפיסה דער לעצטער נאָך טראָגט.
ווי שווער! — ווייל עס איז מיט די זינד פון די ריכטער אינאיינעם, —
עס איז אים פון הינטן פאַרשפּיליעט אַ ריזיקער ברוק
און שלעפּט זיך אים נאָך ווי אַ שלעפּע פון ערד און פון שטיינער.

מיר גייען און גייען ביז מיד ווערט שוין שטאַרק אונדזער טראָט.
זאָגט עמעץ: די שטאָט איז ביי אונדז און זי וועט נישט אַנטלויפן;
איך האַלט, אַז אַראָפּלאָזן זאָלן מיר איצטער די שטאָט,
זיך צוזעצן, רוען, און עפּעס באַקלערן אַן אופן.

*

מיר זיצן. נאָר קלערן צו־לאַנג איז באמת אַ שאָד,
ס'איז פּשוט: די שטאָט איז ביי אונדז און מיר דאַרפן פאַרוואַלטן,
מיר נעמען די מאַכט און מיר הערשן, ווי ס'איז דער געבאָט,
פאַרשטייט זיך, אויף נייע יסודות, און נישט לויטן אַלטן.

און איצטער זאָל יעדער זיך ערלעך אַרומזען אַליין,
ווייל ס'טאָר פון דער שטאָט נישט קיין איינציקער שטיין צומאָל פעלן.
מיר שטעלן זי צריק ווי געווען און זאָרגפעליק איין,
און שטעלן-איין ס'לעבן — לויט אונדזערע שיינע באַפעלן.

מיר גרייטן איר יום-טוב. און ווי נאָר עס פאַלט-צו די נאַכט —
די שטאָט איז אין טרויער, עס צינדן נישט אָן זיך די ליכטער!
זי וויינט, ווייל מיר האָבן דאָ עפּעס נישט ריכטיק געמאַכט, —
מיר האָבן אַ פעלער אַ גרויסן דער שטאָט צו פאַריכטן;

ס'איז גוט וואָס מיר האָבן געגעבן איר פרייהייט און גליק,
עס דאַנקט אונדז די שטאָט וואָס מיר האָבן איר לעבן פאַרשטאַנען, —
זי וויל, אַז מיר זאָלן זי איצטער צענעמען און צריק
אַוועקשטעלן דאָרט, וווּ זי איז אַלע יאָרן געשטאַנען...

# שניט...

מען גליבט, אַז באַלד נאָכן אָראָפּנעמען
דעם שניט וועט דער קריג באַזונדערס
ווערן דראַענדיק.
(פון די צייטונגען)

שניט. ווי גוט עס איז צו גיין ביים ראַנד פון פעלד.
דורך שפּע זוניקער איך הער נישט אויף צו שפּאַנען.
אַ, גאַנג אין טריאומף-טויערן פון שיין, צעהעלט, —
פאַרוואָס זאָלסטו לוויה-גאַנג דערמאַנען?

עס בייגט זיך יעדע זאַנג אַראָפּ און קניט: כ׳בין גרייט.
צי איז דען שענערס נאָך פון דעם פאַראַנען?
עס שמעקט אַ מייל פון דיר מיט לעבן און מיט פרייד,—
פאַרוואָס זאָלסטו אין טויט-גערוך דערמאַנען?

ברויט... כ׳האָב זיך צו דיר פון וויגל נאָך געשטרעקט,
דו ביסט דאָס ערשטע וואָרט וואָס כ׳האָב פאַרשטאַנען,
דו ביסט דער אָנהייב-קלאַנג, וואָס האָט מיין צונג באַוועגט —
פאַרוואָס זאָלסטו אין סוף פון אַלץ דערמאַנען?

ס׳איז דורך דעם זייערס האַנט אויף ערדן שוואַרץ און רוי,
עס זאָלן שפּעטער אויפגיין שטיקער ליכט פון דאַנען,
דו זאַנגען-ליכט — דו שטראַלן-ליכט — דו ליכט פון אויג,
פאַרוואָס זאָלסטו אין פינצטעניש דערמאַנען?

ס'איז ווי מיט דענקמעלער געשטעלט דער מי און שווייס,
דאָס גאַנצע פעלד מיט סטויגן אויפגעשטאַנען —
איר בערג פאַרהויבענע מיט שפע, זעט און פליים —
פאַרוואָס זאָלט איר אין קברים־בערג דערמאַנען?

— — — — — — — — — — —

שנים. ווי גוט עס איז צו גיין ביים ראַנד פון פעלד.
דורך שפע זוניקער איך הער נישט אויף צו שפּאַנען.
אָ, גאַנג אין טריאומף־טויערן פון שיין צעהעלט —
פאַרוואָס זאָלסטו לוויה־גאַנג דערמאַנען?

1939

# אין אַן אַלטן שינעל

מ׳האָט מיך אָנגעטון היינט אין אַן אַלטן שינעל,
איך האָב זיינע לעכער פאַרנייט און פאַרלאַטעט,
כ׳האָב פּלוצלינג פונעם אָרט זיך אויפגעהויבן שנעל,
ווייל מיין האַרץ האָט דערביי אַזוי אויפגעפלאַטערט.

צי פאַרניי איך נישט מיין ברודערס צעוווּנדיקטע הויט
פון אַמאָליקן קריג, פון אומזיסטן און שווערן?
און פון זיין שינעל ביים איך אָפּ יעדע צויט,
ווי ריטשקעלעך בלוט כ׳וואָלט פאַרווישט פון זיין שטערן.

ווי דער פאָדים וואָלט געגאַנגען אין שוואַרצקייט פון קרעפּ,
געציטערט האָט ער אין מיין האַנט און געשווידערט.
כ׳זע, עס קוקן זיך איבער די פאַרזשאַווערטע קנעפּ,
ווי זיי וואָלטן געהיים זיך פון עפּעס געסודעט.

צי האָט נישט דער ווייטיק דעם שימער פון גאָלד
מיט אייביקער מאַטקייט אייך איבערגעצויגן?
און איצטער, צי זע איך אין אייך נישט אַמאָל
מיין ברודערס פון וווּנדן פאַרחלשטע אויגן?

מ׳האָט באַפוילן, כ׳זאָל אָפּפּוצן די קנעפּ אויפסניי,
כדי זיך אויף מיר צו פאַרלעשן באַלד ווידער?
זיי שמייכלען שוין עטוואָס, און מאַט, ווי דורך ווײ.
און ס׳שווידערן אינעם שינעל מיינע גלידער.

קער זיך אָפּ פונעם שפּיגל, פאַרלאַטעטער סאָלדאַט,
אַזוי שאַרף איז דיין בליק, ווי פון צאָרן געשליפן.
אָט באַלד וועט צעפּלאַצן די שפּיגלדיקע גלאַט
און מיט שפּליטערס פאַרשיטן אַלע הייכן און טיפן.

1940

## איך גרים אַ זון־אויפגאַנג פון גאָלד...

אויסגעצויגן, שטייף —
ווי ס'איז דער דין, —
די רעכטע האַנט פאַרהויבן צו דעם שליף,
געווענדט צו מזרח מיט מיין פנים, מיט מיין קול,
שטיי איך אין באַנין,
און כ'גרים —
אַ זון־אויפגאַנג פון גאָלד...

מיין הויכער גענעראַל!
איך שטיי פאַר דיר,
איך מעלדע נישט געהאָרכזאַם, —
איך רעד צו דיר, איך שעפּטשע שטיל, כ'פאַרטרוי זיך —
אָ, הער נאָר, הער,
מען לאַכט פון מיר, מען שפּאָט פון מיר, מען חוזקט,
ווייל איך ווייס נישט און געדענק נישט,
ווי אַזוי מען קלעטערט
אויף די שטאַפּלען פון די גאָלדענע גאַלאָנען...

דו ווייסט דאָך
ווי ס'איז פרעמד מיר זייער גאָלד,
ווי ס'איז פון שטענדיק פרעמד מיר גאָלד בכלל,
כ'האָב קיינמאָל נישט קיין גאָלד געהאַט,
און ס'וואָלט ביי מיר נישט קיין שום גליק געווען
ווען איך זאָל עם האָבן.
ביי מיר איז רעכט
אַז בלעך זאָל הייסן גאָלד,
און גאָלד זאָל הייסן בלעך,
נאָר דיך —
דיך קען איך זייער גוט,
איך קען זיך אויף דיין ווערט און אויף דיין פּראָבע.

אָ, ווי כ'וואָלט דיר אָפּגעגעבן
די גאָלד־און זילבער־פּאַסיקלעך פון מיינע גענעראַלן
פאַר אַן איין־און־איינציק שטיקעלע
פון מינדסטן שטראַלעכל פון דיינע שטראַלן!
איך וואָלט עס גערן אָפּגעריסן מיר פון דיר
און עס אָנגעגנייט מיר אויפן אַרבל,
עס זאָל דער גענעראַל אפילו זען און שטוינען,
נישט וויסנדיק וואָס דאָס איז פאַר אַ ראַנג.
נאָר איך —
איך ווייס, איך ווייס,
ווייל נישט צום אַרבל בלויז, נאָר אויך צום האַרץ
ביסטו מיר נאָנט אַזוי
פון לאַנג, פון לאַנג. —
איך האָב נאָך קליינערהייט געוואָלט דיך פונעם הימל באַפּן
און מיט די הענטלעך דיך אַריינפּאַקן
צו מיר אין מויל. — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

אַוועק, אַוועק איז שוין די זון פון הימל־ראַנד,
גענטער זיך אַהערגערוקט צו מיר —
ווי בעסער הערן וואָלט זי מיך געוואָלט.
אָ, הער מיך, הער, —
אין פרעמדן לאַנד,
אין וויסטן זאַמד —
איך גרים אַ זון־אויפגאַנג פון גאָלד!...

1940

## אַ וואָלקן ציט פאַרביי...

אין וואַנדער־גאַנג אַ וואָלקן ציט פאַרביי,
אָ, ווער קען אים זיין גיין דען שטערן?
ס'איז יעדער וועג פאַר אים צעעפנט פריי,
און קיינער קען זיין גיין פאַרווערן.

וואָס־זשע ביסטו, וואָלקן, זאָג, וואָס ביסטו אַזאַ טריבער? —
— ווי קען איך אַנדערש זיין,
ווי קען איך טריב נישט זיין,
אַז כ'האָב געזען די אויגן פון דיין ליבער?

ווי גוט אים איז, דעם וואָלקן, פריי צו זיין!
ווי איך, געפאַנגענער, באַנעם עס!
אַן יאָך פון דאגות קען ער שטענדיק זיין,
און פריילעך דאַרף ער זיין, נישט אמת?

וואָס־זשע ביסטו, וואָלקן, אַזאַ אומעטיק־פאַרקלערטער?
— ווי קען איך אַנדערש זיין,
ווי קען איך אומעטיק נישט זיין,
אַז כ'האָב געזען איר פּנים דאָס פאַרטרערטע?...

1940

# כ׳האָב אויסגעלערנט זיך פאַרשטיין...

כ׳האָב אויסגעלערנט זיך פאַרשטיין
דאָס פרעמדע לשון פון דיביימער,
און וואָס זיי שעפּטשען מיר אַריין,
איז היינט שוין נישט פאַר מיר געהיים מער.

איך וויים פון צווייגן-שאָרך דעם מיין
און דעם באַטייט פון קרעכץ פון בלעטער, —
צי ווייסט איר, אַז איך בין אַליין? —
ווייל עפּעס בלויז צו מיר נאָר רעדט איר.

איך זאָג אייך: יאָ, איך בין אַליין,
כ׳האָב קיינעם נישט און כ׳האָב קיין היים מער, —
טאָ רעדט צו מיר, איך הער זיך איין,
איר מיינע שטילע, גוטע ביימער.

זאָל דאַכטן מיר, אַז פון אַמאָל
דאָ הער איך רייד, אי ליב, אי טייער,
דורך אייער שאָרכן גייט דאָס קול
פון פריינט אַמאָליקע, געטרייע.

קיין שאָרך פון זיי וועט נישט דערגיין,
טאָ רעדט צו מיר, איר גוטע ביימער,
ווייל גוט איז קענען כאָטש פאַרשטיין
דאָס לשון אייערס דאָס געהיימע.

## האַרבסט 1940

ווי אַ יידישער בגד איז דער הימל היינט,
אומעטיק און קויטיק — ווי אַ שמאַטע,
און די זון — נישט זי לייכט און נישט זי שיינט —
איז צוגעקלעפּט אויף אים, ווי אַ געלע לאַטע.

קען זיין, דאָס האָט זי זיך, די זון, אַליין
היינט מאַט און טונקל געמאַכט בכיוון,
ווייל שווער אַזוי איז איר צו זען איר שיין
שפּיגלען זיך אין גלאַנץ פון די פרעמדע שטיוול...

## בלעטער-פאַל...

אין פייער און אין גאָלד — אין קלייד פון האַרבסט-פאַרנאַכט —
אַרומגענומען שטייט דאָס שטילע וועלדל.
און איך —
איך קום פון פאַל פון בלעטער-פאַל צו מעלדן.
נאָר יעדער בוים גיט עפּעס ווי
מיט זיין פאַרמאַטערטן און שווערן קאָפּ אַ דריי
און מיט אַ צווייג, ווי מיט אַ האַנט, אַ מאַך:
„אַ, אַלטע מעשיות,
זינגען וועגן בלעטער-פאַל? —
איך ווייס עס שוין פון לאַנג, איך ווייס עס"...
און בלעטער בייגן זיך אַראָפּ, אַראָפּ,
ווי אויף הסכמה
און לייגן זיך אַוועק אויף דרערד,
ווי הערצער.

וועט אַנדערש איצטער גיין
מיין ליד פון בלעטער-פאַל
אין האַרבסט פון טויזנט און ניין-הונדערט-פערציק. —

געלער האַרבסט.
עס פאַלן געלע בלעטער אויף דער ערד,
און אויף מיין רוקן פאַלט די געלע לאַטע.
און ווי אַ בלאַט, פאַרדאַרט און איינגעשרומפּן
און אָפּגעבליאַקעוועט פון שטויב און צייטן, —
האָט זי דאָ היינט צו מיר אַהערגעפלאַטערט
אַ געטראָגענע פון ווינטן ווילד-צעטראָגענע,
פאַרשייטע.

געלער האַרבסט...
עס פאַלן געלע בלעטער...
און די געלע לאַטע פּאַלט...
און איך —
איך קום איצט וועגן פאַל פון זייער פאַל צו מעלדן.
פון טאָג צו טאָג , פון שעה צו שעה,
איך זע ווי ביימער ווערן אָפּגעלײדיקט,
און בלייבן נאַקעט שטיין ווי אין בזיון,
און באַליידיקט.

איז אפשר פיינלעך זיי צו זען,
אַז דאָס, וואָס האָט אַמאָל אויף זיי געבליט,
און ווי אַ צירונג זיי באַשיינט אַ יעדער צווייג, —
זאָל ווערן איצטער מיסט,
צופוסנס אויסגעלייגט.
און מיסט — אַזוי איז שוין מיט מיסט די טבע —
מען נעמט עס צו,
ס'ווערט אויפגערוימט,
און כ'זע ווי
ס'קומט־אָן אַ מענטש,
אַ פּראָסטער מענטש מיט פּראָסטע קער־מכשירים,
און מיט אַ טאַטשקע און אַ כוח און אַ קראַפט אין זיינע הענט...
ער קערט די געלע בלעטער און ער קערט,
דער מענטש,
און ווי איך גלייב אין זיין, אין זון, אין ערד,
זענען איצט אין גלויבן מיינע רייד צו אים געווענדט. —

זיי זיכער, געלע לאַטע, דו:
אויך דו וועסט אָנקומען אויף זיינע הענט...

1940

## ווער קען פֿאַרשטיין?...

אַ,ווער קען פֿאַרשטיין וואָס מיינט דאָס גרילן פֿון דער גריל,
אין דער מויער ערגעץ־ווו פֿאַרשטעקט, און אין דער שטיל?

זינגט זי אפשר אויף איר שטייגער, זינגט דאָס ליד פֿון לייד,
וואָס זי מוז פֿון וועלט און לעבן זיין אין מויער אָפּגעשיידט?

וואָס זי מוז אין ענגשאַפֿט און אין חושך זיין פֿאַרשפּאַרט,
און קען זינגען בלויז צום ציגל, וואָס איז טויב און האַרט.

זינגט זי דאָס דערפֿאַר איר ליד פֿון עלנטקייט און פּיין?
זינגט צום שטיין, צום ציגל, — נאָר וואָס קען אַ שטיין פֿאַרשטיין?...

אָדער אפשר איז אינגאַנצן אַנדערש איר געזאַנג? —
זינגט זי אפשר אין דער שטיל איר ליד פֿון לויב און דאַנק —

פֿאַר דער וואַרעמקייט פֿון היים און פֿאַר דער האַרטער רו,
פֿאַרן ווינקעלע, וואָס קיינער נעמט עס איר נישט צו.

נעמט זי אין באַשיידנקייט דאָס אַלץ אַזוי פֿאַר ליב —
סיי די וואַנט — איר וועלט, און סיי דאָס שפּעלטעלע — איר שטוב.

דאַנקט זי אויף איר לשון אין הכנעה און אין גליק,
וואָס די מויער האָט זי נאָך ביז איצטער נישט דערשטיקט?

און וואָס זי קען זינגען נאָך בכלל און דורך דער וואַנט
גרייכן זאָל צו אַלעמען איר לעבעדיק געזאַנג,

ביז זי וועט אין לעצטן דרימל בלייבן אַזוי שטיל? —
אַ, ווער קען פֿאַרשטיין, וואָס מיינט דאָס גרילן פֿון דער גריל?

# אַ שמועס מיט די ביימער ערב האַרבסט

אַ שווידער גייט אַדורך די ביימער ערב האַרבסט
פון העכסטן בלעטעלע ביז טיפסטן וואָרצל,
זיי ציטערן מיט יעדן מינדסטן צווייגל.
אויפגעכאַפּט פון מידן זומער־שלאָף, דעם קורצן;
אויפגעוועקט פון אייער רו און שווייגן —
איר וואַרפט זיך און איר שליידערט מיט די קעפּ
צעשויבערט און צעפּלאָשעט,
און איינער צו דעם אַנדערן, ווי איר וואָלט וועלן אַלע
איבערגעבן זיך: געפאַר, געפאַר, געפאַר!
ביז אין בהלה כאַפּט זיך אויף דער גאַנצער וואַלד: געוואַלד!...
פאַרפאַלן, זאָג איך אייך, פאַרפאַלן, בלעטער פאַלן,
פון שטענדיק־אָן אַזוי, און פשוט:
ווער ס'בליט אַמאָל, מוז גרייט זיין אויך צו וויאַנען.
נו, מעג איך זען אין אייער שאָקלען מיט די קעפּ: „פאַרשטאַנען?"
איז וואָס־זשע זענט איר עפּעס היינט
אַזוי צעטומלט און צערודערט אויפגעשטאַנען?
עס שלאָגט פון אייך מיט פחד און מיט אימה,
מיט טרערן־טוי איר הערט נישט אויף צו קלאָגן, —
וואָס איז דער מער מיט אייך, איר שטאָלצע ביימער?
אָט נעמט דעם מענטש, דעם זקן, וואָס גייט לעבן אייך פאַרביי,
באמת, וואָס זאָל ער נאָך זאָגן!
ס'איז איינמאָל ווי אַ בליץ אַדורך זיין פרילינג,
— און איינמאָל בלויז גייט דורך אַ מענטש אין צווייט —
ווו איז זיין פרילינג איצט? וואָס איז אַ בליץ?
ער גיט אַ טרייבער־אויף דעם וואָלקן מיט אַ שניט,
אַ רגע נעמט דער הימל בלויז אין פייער זיך פאַרהילן,
און אויס, און גאָרנישט.
און איר, איר גייט דאָך דורך דעם פרילינג נאָכאַמאָל און נאָך,
— ווי וויל ס'איז דעם, וואָס קומט נאָך נאָכאַמאָל צוריק! —

און איידער וואָס און גיך, און אומגעריכט, —
עס שפּאַרט פון אייך אויפסניי מיט נייעם בליענדיקן גליק,
און ס'רייסט זיך יעדעס קנאָספּעלע פון אייך,
ווי ס'וואָלט גאָרנישט געהאַט קיין צייט,
וואָס פריער וויל עס אָנקומען צו שיין, צו ליכט;
עס פּוצט זיך אויס אין סאַמעט און אין זייד —
וואָס שענער וויל עס אָנקומען און ריינער.
און פּלוצלינג, ווי איר טוט אַ קוק, איר גיט זיך אַ דערזע,
איר שטייט שוין אויפדאָסניי אין גרינס ווי אָפּגעצוואָגן.

איז וואָס-זשע היינט דער מער מיט אייך, איר שטאָלצעביימער?
באמת, וואָס האָט איר זיך צו באַקלאָגן?...

1941

# צו דער פאָן פון קאַמף

פאַרגיב מיר, מיין פאָן, וואָס , קען זיין, פון דער נידער,
וועט זיין אפשר ס'ליד מיינס צו דיר ווי אַ ווידוי,
דאָס לעצטע פאַר אָפּשייד פאַר מיינעם.
נאָך איצטער אפילו דאָס ליד וויל ניט שווייגן,
און איינמאָל נאָך וויל עס אַרויף צו דיר שטייגן,
ווי ס'פלעגט אינעם פרילינג דעם שיינעם.

אַוועק איז פון ליכטיקן פרילינג דער דויער,
און ס'ווילט זיך שוין זינגען פון אייגענעם טרויער,
פון אייגענער בענקשאַפט און ליידן.
זאָל קלינגען די ערד איבער מיר ווי אַ הימען, —
איך וויים דאָך, מיין פאָן, וועסט געווים צו מיר קומען —
די ערד וועט אין דיר זיך פאַרקליידן.

ס'געזעגענען זיך מיט דער פען מיינע פינגער,
ס'געזעגנט זיך ס'ליד מיטן האַרץ פונעם זינגער,
עס גייט שוין, דאָס האַרץ, דיך דערגרייכן,
ס'וויל בלייבן פאַרשפּיליעט אויף דיר און געהערן
צו דיר, ווי ס'געהערן צום הימל די שטערן, —
פון ליבשאַפט און וויימיק אַ צייכן.

און האָב איך ווען ס'איז דיך באַפלעקט, און נישט גערן,
איצט אַפוואַשן זאָלן דעם פלעק מיינע טרערן, —
ווי ריין ס'זענען טרערן און הייליק!
איך גיב דיר מיין אָטעם דעם לעצטן צושטייער —
ווען דו וועסט אַוועק איבער וועלט, איבער פרייער
זאָל זיין אין דיין פאָכען מיין חלק.

כ'באַהאַלט אין די פאַלדן ביי דיר מיינע טרוימען,
איך פאַל צו דיר צו און איך קוש דיינע זוימען,
אין ליבשאַפט איך לויב דיך און בענטש היינט.
ווי לאַנג ס'וועט מיין אויג אַלץ די שיין נאָך דערבליקן,
וועל איך דיך נאָך זען און מיין גרוס צו דיר שיקן,
דו, אייביקע שיין פון דער מענטשהייט.

1940

## די ווייסע האָר

כ׳האָב נאָך קיין דרייסיק פרילינגן נישט אָפּגעציילט
און אויף מיין קאָפּ האָט זיך אַ ווייסע האָר באַוויזן,
באַלד וועט אַ צווייטע און אַ דריטע קומען אין געאייל,
און דראָענדיק זיך אָנשטעלן אויף מיר, ווי שפּיזן...

מיט העזה שטופּט זי זיך אַדורך, די ווייסע האָר —
אָ, קודלעס מיינע, שוואַרצע, מאַכט איר ברייט אַ וואַרע! —
און שאַרף, מיט גבורה, רייסט זי דורך מיין קאָפּ זיך דורך,
ווי ס׳רייסט אַ בליץ אַדורך זיך דורך אַ טונקלער כמאַרע.

מיין ערשטע ווייסע האָר... אָ, ווען זי וואָלט צו מיר
געקומען ווען, נישט איצט, כאָטש מיט אַ יאָר צוריק נאָך,
איך וואָלט באַשאָטן זי מיט לידער אָן אַ שיר,
און זי, זי וואָלט געשראָקן מיך מיט ווייסער זיקנה...

זי וואָלט ביי יעדן אָנהייב זיך אַוועקגעשטעלט,
געדראָט: הער־אויף, ווייל איך האָב זיך באַוויזן!
זי וואָלט מיט גיפט מיין האַרץ געשטאָכן און מיין וועלט, —
אַזוי אָבער, וואָס איז זי איצט פאַר מיר, וואָס איז זי?

אַז ס׳איז דער סוף פאַר איר געקומען, וואָס איך האָב
נישט איינמאָל שוין צוריקגעשליידערט ווי מיט ניסים, —
דער זיפּערסטער פון מיינע געסט, וואָס כ׳וואַרט איצט אָפּ
ביי יעדן טראָט מיינעם, ביי יעדן טרונק און ביסן.

ער קומט געווים... און קענגן אים , וואָס איז זי דען? —
און וואָס איז איר טריאומף, איר העזה און איר לאַכן? —
כ׳איז דאָ אַ מאָס, וואָס ציילט און ווייסט געגוי און ווען,
און וויפל שריט עס קען מיין פוס נאָך מאַכן...

מיין ערשטע ווייסע האָר... איך קוק אויף דיר און טראַכט:
אָט באַלד... נישט לאַנג... און דו קענסט זיין שוין אויך די לעצטע... —
אַ, כ׳וואָלט נאָך לאַנג אויף דיר געקוקט, כ׳וואָלט איבער דיר געוואַכט,
און כ׳וואָלט געפוצט דיין זילבער, ווי אַ צירונג אַ געשעצטן...

1941

## די זון איז ווידער דאָ!...

די זון איז ווידער דאָ — מיין פריינט מיין אַלט-באַקאַנטער, —
די זון איז ווידער דאָ — נאָך וואַכנלאַנג נישט זיין!
איך נעם זי פון דער הייך צום פנים, ווי אַ האַנטעך, —
מיט נאָנטער ווארעמקייט און העלער שיין.

ווי פריש-מחיהדיק! — שרייט-אוים מיין הויט, כאָטש נאָר-וואָס
איז אַלץ געווען אַזוי נישט-ניחאדיק און מיאוס, —
אַהאָ! ווי כ'וואָלט איצט גערן אויסגעטון זיך באָרוועס,
כדי דעם באָדן בעסער פילן זאָלן מיינע פיס.

זי קומט אַריין, די זון, דורך אויפגעפּראַלטן טויער,
און לייגט מיין האַרץ אין שטראַלן ווי אַן איי אין שטרוי.
אַ נאָנטע שוועל ווערט מיר די אָפּגעטיילטע מויער,
מיין שוועל, וואָס איז מיר אַלץ נאָך היימיש-ליב אַזוי.

כ'האָב פון די אויגן אויסגעריבן מיר דעם אומעט,
די פּיין און בענקשאַפט — אָפּגעווישט פון מיין געזיכט,
אַ קראַוואַט מיין האַלדז — מיט ליבשאַפט האָט אַרומגענומען,
פאַרשלייפט מיט זייד און גאָלד פון שטראַלן-ליכט.

זי זינגט אַריין אין מיר, די זון, דאָס ליד פון לידער,
איך הער, און וואָלט עס גערן לאַנג, נאָך לאַנג געהערט,
זי בינדט צונויף מיט בונטן שטראַלן מיינע גלידער
און ווי מיט שנורן גאָלדענע בינדט-צו מיך צו דער ערד.

כ'ריים פון איר שטיקער און איך פּאַק זיך אָן אַ פולער,
איך לויף — און הויך מיט זון-גאָלד קלינגט מיין יעדע טאַש.
כ'בלייב שטיין, און ס'מינדסטע ווינטעלע, ווי איך, ווערט שטילער,
ווי ס'וואָלט זיך איינגעהערט צום לעבעדיקן רעש.

## בלומען...

אין קעסל מיסט ביים טויער, האַלב צעשאָטן און צעגומען,
ליגט אַן אָפּגענוצטער, אָפּגעדאַרטער בוקעט בלומען.

צעשיידטע און געפּאַלענע ביי זיך, נאַרציזן, נעלקן, —
צונויפגענומען אַלע מיטן סוף און שאַנד פון וועלקן.

ערשט גאָרנישט לאַנג נאָך האָבן זיי פון קוסט, דעם גרינעם קאַלטן,
פאַר שענסטן פון דער ערד און נאָנטסטן פונעם האַרץ געגאָלטן.

די נאַכט האָט ווי אַ מוטער זיי אין ריינסטן טוי געצוואָגן,
די זון פלעגט בוקן זיך צו זיי צום ערשט אין די פאַרטאָגן.

מען וואָלט געקענט מיט פאָרכט זיי לייגן אויפן טויטן-אָרון,
פאַרפלאָכטענע אין צער און אין דעריגערונג פון יאָרן.

עס האָט געקענט, נישט לאַנג צוריק, נאָך גרויסע בענקשאַפט-ליידן,
זיי ברענגען דער געליבטער, אין באַגייסטערונג, דעם מיידל.

זי וואָלט געפילט זיין אָטעם-הויך אין זייער צאַרטן ריח,
און יעדע בלום געטראָגן אויפן האַרץ, ווי אַ קמיע.

נאָך נעכטן האָבן זיי געקוקט פון טיש אין טויזנט חנען, — —
איצט קענען זיי נישט מער צומאָל דעם קעסל מיסט באַשיינען.

ס'באַמערקט זיי קיינער פון די דורכגייער, אויב יאָ — מיט עקל,
זיי קענען נאָך ביי עמעצן באַדויער בלויז דערוועקן...

פאַרנאַכט נעמט נישטערן אין מיסט קיקי דער הויף-הונט,
אַלץ שנאַפּט ער, נאָר דעם בוקעט משפּעט ער נישט בשום-אופן.

אים דאַרף ער נישט — און מיט דער מאָרדע גראָבט ער דאָרט און רודערט.
און נישט קיין בלומען וויל ער, נאָר שיריים פון אַ פעטער סעודה.

צומאָרגנס וועט דאָ באַברען זיך אין מיסט דער שמאַטע־קלויבער,
אַליין ווי אַ שטיק מיסט, און מיט זיין שטעקעלע פון צויבער...

ער וועט דאַן גיריק און מביניש אַלץ דאָרט איבערוואַרפן,
און נאָר דעם בוקעט, אים וועט ער צומאָל קיין בליק נישט וואַרפן.

צום קעסל וועט ער בייגן זיך, ווי ער וואָלט אים פאַרטרויט זיך,
און די בלומען שעלטן, וואָס פאַרשטעלן אים דעם וועג צום אוצר...

# צום ווערעמל

(אין אַ נאַכט פון באָמבאַרדירונג)

צום קליינעם ווערעמל, וואָס אויף מיין טישל,
וואָס גייט זיך רואיק דורך , ווי קיינמאָל גאָרנישט,
צו אים זאָל איצטער זיין דאָס וואָרט געווענדעט.
זאָל אים קיין פינגער נישט מיט קויט פאַרמישן;
מיט עקל נישט פאַרשאַרן און פאַרלענדן.
צו אים דאָס וואָרט , צו אים דאָס ליד, —
נישט בלויז דערפאַר, ווייל איצט, אין אָוונטיקער שעה,
אין שטילער איינזאַמקייט און אין דער פינצטער,
איז לעבן מיר קיין אנדער לעבן, אויסער זיינס, נישטאָ,
און ס׳איז לעבן מיר קיין שום געהער בנמצא,
וואָס זאָל מיך קענען הערן און פאַרשטיין —
נאָר הייל פון ליד קען ווערן באַלד צוואה,
און לעצטער זכר פון צעריבענעם געביין,
וואָס ער אַליין קען אפשר אויך, ווער ווייסט,
שוין נישט באַווייזן מער אינערגעץ צו דערגיין;
ווייל אויך דאָס וואָרט קען אויסגיין באַלד אין פלאַם,
ווי מענטש, אינזעקט און גראָז — אָן חילוק,
פאַראייניקט אינעם זעלבן און בשותפותדיקן אַש,
און אין בשותפותדיקן שטויב פאַרטיליקט.

דער הימל פלאַקערט־אויף און שרייט אין בראַנד־יסורים,
אַן אָפּגעשונדענער, און אויפגעטרייבערט־רוי און נאַקעט,
אָט וועט ער באַלד, אַן אָנגעצונדענער, מיט ווילדער גבורה
אַראָפּפאַלן אויף אונדז און צודעקן די ערד;
ער ברעכט מיט מיתה, ווערזעט, שפּריצט און כראַקעט
אויף אַלץ וואָס ריין און הייליק און צום האַרץ געהערט. —

דאָס האַרץ פונעם פּאָעט האָט זיך פאַרפּלאָנטערט
אין ראָד פון טאַנק און זיינע קריכנדיקע שנורן —
די שלאַנגען פון מעטאַל, וואָס פּויזען איבער אונדזער גוף;
דאָס האַרץ פונעם פּאָעט האָט זיך פאַרטשעפּעט
אין פליגל פון די שווערע באָמבאַרדירער,
וואָס פאַרטויבן אין דער שטילקייט פון די נעכט זיין רוף;
זיי קרייזן איצט אַרום דעם דאַך פאַרעקשנט און מיט העזה.
איך הער ווי פון דער מוראדיקער קראַכונג
די שויבן ציטערן אין אימת־מות;
אַ ציטערן, וואָס גייט זיך איצט פאַנאַנדער
פון די שטערן ביז די וואָרצלען פון די גראָזן.
פון מיינע דלד אמות טראָגט זיך מיט געוויין;
עס וויינט דאָס בלוט אין אינעווייניק פונעם גוף,
עס וויינט דער טינט אין אינעווייניק פון דער פּען
מיט טרערן פון נישט וועלן אונטערגיין.
ווער וועט עס הערן דען?
צו וועמען ס׳לעצטע וואָרט,
נאָך איידער ס׳ווערט מיט אַלץ אויף אַש פאַרברענט? —

צום ווערעמל, וואָס האָט אַהער פאַרבלאָנדזשעט אויף מיין טישל,
און גייט זיך רואיק דורך, ווי קיינמאָל גאָרנישט.
ס׳קען זיין אַז ער וועט אפשר בלייבן ווו, אין דרערד, צי אין אַ שפּאַרע,
ווען מאָרגן בלייבן וועט פון אַלץ, חוץ שטויב, קיין שפּור נישט:
ווען פלאַם און רויך וועט מיין געדעכעניש פאַרווישן,
מיך אָפּמעקן פון דרערד ביז לעצטן שורש,
ווען  א ל ץ  וועט צריק פאַרוואַנדלט זיין אין  ג אָ ר נ י ש ט, —
זיי דו מיין איינציקער, מיין לעבעדיקער יורש!...

איך שאַר דיך נישט אַראָפּ אויף דרערד, ווי ס׳דאַרף געוויינלעך זיין,
מיין האַנט איז דיר נישט איצט קיין טויטנדיקע נעץ,
פאַרקערט, כ׳בין גוט צו דיר און פריינטלעך, אדרבא,
איך לאָז דיך אויף מיין שרייב־פּאַפּיר אפילו גיין;
כ׳לעש אויס דאָס ליכט, מאַך פינצטער, ווי ס׳האָט ליב און וויל דיין מין,
(און ווי ס׳וויל אויך און פאָדערט ס׳לופט־פאַרטיידיקונגס־געזעץ)
כ׳בין גוט צו דיר, און אפשר איז באַשערט,

ווען אַ ל ץ וועט צריק פֿאַרוואַנדלט זיין אין ג אָ ר נ י ש ט,
דער מענטש זאָל נאָכאַמאָל אַרויס פֿון דיר,
דורך ווילדן אור, דורך מיסט, און וויסטער ערד, —
איז מאַך־זשע קירצער און מאַך גרינגער אים זיין גיין דורך צייט און שטח,
און לערן זיך פֿאַר אים, שוין איצט, באַצייטנס,
פֿון אויפֿכאַפּן דעם ערשטן פֿונק אין רייבנדיקע שטיינער;
פֿון פֿלאַנצן שפּייז, און קנעטן ברויט, און נייען קליידער;
די חכמה פֿון גערעאַנגל און פֿון שטרייטנדיקן קידער־ווידער,
פֿון ערשטער קריטעכצער־רפֿואה און פֿון בויען הייזער,
פֿון אויפֿשטעלן מאַשינען און פֿון שרייבן לידער...

— — — — — — — — — — —

ס'איז נאַכט. מיין טונקלקייט — פֿאַרוואַקסן אינעם חלל,
און ס'קליינע ווערעמל — פֿאַרוואַקסן אין די אותיות פֿון מיין כתב־יד.
די חשכות איז געדיכט און האַלט מיך אין איר טיף,
און ס'קליינע ווערעמל — פֿאַרוואַקסן אין די אותיות פֿון מיין כתב־יד,
קוקט פֿון פּאַפּיר אַרויס — אַ גליאיקער היעראָגליף...

פּאַריז, 1942

## באַלאַדע פון דער פאַרשווונדענער שטאָט

אין ווייטן און ליכטיקן מזרח,
פאַרזונקען אין זון און אין זאַמד,
קאָרבאַזי די שטאָט דאָרטן איז זיך
געזעסן ביים ברעג פונעם ים.

פאַרזונקען אין זון און אין טרוימען
פון גאָלדענער זעט אויף דער וואָר;
באַצוווּנגען אין צוואַנגען און צוימען,
פאַרטון אין איר מי און איר זאָרג.

דאָס אייגענע לעבן דערעסן —
פאַרגעסן אין גליק און אין פרייד;
פאַרגעסן געזעסן מעת-לעתן,
פאַרוואַקסן אין שטילקייט און צייט.

און שטיל איז איר לעבן געגאַנגען
ביז איינמאָל , פון שלאָף אויפגעכאַפּט,
דערהערט ווי מיט הילכיקע קלאַנגען
האָט שרעק אין איר האַרץ אָנגעקלאַפּט.

און הערצער, ווי שטיקער געיאָמער,
איצט וואַיען, ווי ווינטן אין זאַמד,
ווייל ס׳רייט אויף זיי רעשיק מלחמה
אין שטאָל און אין פייער געשפּאַנט. —

דער מאָרדלענדער האָט זיך פאַרמאָסטן,
דער רויבלענדער האָט זיך פאַרלייגט,
אָט גייט מען זיך ווידער אַ לאָז-טון... —
זי האַלט-איין דעם אָטעם און שווייגט...

עס קריכן די פינגער אויף מאַפּעס, —
אַט ליגט זי אין זיי ווי פאַרשוועכט,
און ווי אין פאַרצוקנדע לאַפּעס
עס שטיקט זיך קאָרבאַזי און קרעכצט.

די צדדים אין פייער־אַטאַקעס,
מען זיגט, מען פאַרשפּילט, און פאַרקערט, —
מיט קברים, מיט בערגלעך, ווי מכות,
שווילט־אָן די פאַרבלוטיקטע ערד.

אין שטרייט, אין פאַרעקשנטן, הייסן —
קאַנאָנען פון פיינט און פון פריינט...
און ס'זאַמלט קאָרבאַזי די מתים,
באַקלאָגט אירע מתים און וויינט.

פון ד ע ר זייט און יענער זייט טויער
פאַרצויגן מיט נעצן פון דראָט,
גלייך ווי אין אַ שלייער פון טרויער
היינט אָנגעטון וואָלט זיך די שטאָט.

פון ד ע ר זייט און יענער זייט הימל,
אין נעפּלען פאַרשטעלט ערגעץ־ווו,
איצט זענען אַוויאָנען געקומען
אויף הויכער געהיים־ראַנדעווו.

אַלץ העכער פון גאַסן און הייזער, —
ס'זאָל שווער זיין צו זען זייער זיין,
נאָר נידריקער ווערט אַלץ קאָרבאַזי,
אַלץ טיפער אין דרערד זינקט זי איין...

ווי שטיל ס'גייט דער פליגל־געפלאַטער,
קיין שאָרך זאָל אינערגעץ דערגיין, —
פאַרהילט ער אין וואָלקנס פון וואַטע,
אין וואַטענער שטילקייט זיך איין.

דערפאַר וועט קאַרבאַזי שוין שרייען
מיט קולות באַנומען און הויך,
ביז צודעקן וועט איר דאָס פייער,
ביז איינשטילן וועט איר דער רויך...

אַ,הערט, ווי זי וויינט אויף איר מזל,
מיט לעשנדע טרערן אין פלאַם,
און זעט, ווי מיט בלוט פון קאַרבאַזי
ווערט רויט היינט די בלאָקייט פון ים. — — — — —

און אָט איז פון מיטלייד צענומען,
צו שטאָט אין רואין און אין רויך,
פון רויבלאַנד דער קעניג געקומען,
פאַרשטייט זיך, די קעניגין אויך.

ווען האָט עס קאַרבאַזי געהאַט דען
דעם כבוד — אַ קעניגס וויזיט?
און עפּעס אַ דאגה איר מאַטערט:
ווי וועט ער דאָ שטעלן אַ טריט?...

אַז אַלץ איז מיט חורבן פאַרוואַליעט
ווו ס'גייען די געסט נאָר אַדורך, —
צי מאַכט נישט דער מושב איצט קאַליע
דעם קעניגלעך-שיינעם באַזוך?...

אַ זיידענעם שלייער פאַרצויגן
דער קעניגינס בליק האָט איר הוט —
ווי קענען דען זען אירע אויגן
אַזויפיל הריגה און בלוט?

אָט האָט זי אין מאַרך און געדערים
איר קלייד דאָ זיך שיעור פאַרפלעקט,
פון רויך הייבט איר בליק אָן צו טרערן,
און ס'שטיקט זיך דער קעניג און קרעקט...

א וווּנדער, אַז אַלץ איז צעמאַזשעט,
צעבראָקט און פֿאַרגאָסן מיט בלוט;
אַז אַלץ איז פֿאַריסט און פֿאַרסאַזשעט,
פֿאַרוואַלגערט אין אַש און אין ברוד...

סך־הכּל ווי לאַנג וועט עס זיין דען, —
קאָרבאַזי פֿלעגט קוקן אין ים;
געשפּיגלט זיך דאָרט און געחנדלט,
געזען, זי איז ריין, אָן אַ פּגם. —

איצט ליגט זי פֿון אויפֿרייס צעשאָטן,
אין מיסטן פֿון חורבות איר מי,
און שווימט אין אַ בלוטיקער בלאָטע,
פֿאַרזונקען ביז איבער די קני.

און ס'שווימט מיטן בלוט אויך איר נאָמען,
דערגייט ווו אַן אָרט אויף דער ערד,
ווייל מיטן געהילך פֿון מלחמה
קאָרבאַזי די שטאָט ווערט געהערט.

מען ווייסט, יעדן טאָג דאַרף זי פֿאַלן,
זיך איינקאָרטשען מער אונטער בראַנד;
מען ווייסט , יעדן טאָג, ווי אַ באַלעם,
פֿון האַנט גייט זי איבער צו האַנט.

ביז מער איז שוין גאָרנישט געבליבן
צום איבערגיין וועלכן ס'איז צד, —
קאָרבאַזי, צעשטויבט און צעריבן,
איצט זעט מען נישט אָן שוין כּמעט.

עס זוכן זי טשאַטעס אַוויאָנען
און קרייזן ווי קראָען אַרום,
און איבערן טויט, אויס עקשנות,
אַלץ בייזער ווערט זייער געברום.

ווי בלוט־איינגעטונקענע גאַזע —
די וואָלקנס געפּלעקטע מיט שיין, —
צי קומט איר נישט איצט פון קאַרבאַזי?
צי ווייסט איר נישט ווו זי קען זיין?

אָ, העלדן אין הימלישע הייכן,
אַ שאָד איז די מי און דער שרויט,
עס האָט נישט קיין זין די דערגרייכונג
פון נאָכאַמאָל טויטן דעם טויט... —

אָט ליגט ער אויף שטחים אויף גאַנצע
פאַרלייגט ווי אַ מעכטיקער וואַל, —
מיט מתים פאַר שיצנדע זאַמד־זעק
באַנוצן זיך קענסט, גענעראַל!

אָט איילן שוין דיינע שטאַפּעטן
צום זיג, צו קאַרבאַזי אַהער,
מען זוכט זי דורך טיפע לאַרנעטן, —
נאָר ווער קען געפינען זי, ווער?...

עס טרעטן די מידע ארמייען
אין זאַמדן, אין ברען און אין בראָט,
און קענען אינערגעץ נישט זעען
און קיינמאָל — קאַרבאַזי די שטאָט...

פאַריז, 1941

## צו דער קרישקע

װען װאָלט זיך ס׳ליד מיט דיר פֿאַרנומען, ברעקעלע דו נישטיקס?
װען װאָלסטו השובֿ דעם אַזױ געװען נאָך, װי דו ביסט?
עס רױמט דיך שױן נישט מער אַראָפּ די פֿרױ פֿון טישטעך, —
דו ביסט נישט מער אין אונדזער הונגערלאַנד קײן מיסט!...

דו מעגסט זיך איצטער האַלטן גרױס און שטאָלץ זײן קאָנסטו, —
ס׳איז מער נישט אומרײן הײנט מיט דיר דאָס קינדערישע קלײד,
דער זקן שאָקלט דיך נישט מער אַראָפּ פֿון זײַנע װאָנסעס,
עס הײבט דיך אױף די האַנט פֿון מענטש פֿאַרשעמטערהײט.

עס ציִען טעג, און ציִען ענגער אײן דעם רימען אױף די קישקעס,
און ס׳ציִען פֿאָרזיכטיק די פֿינגער ס׳מעסער דורכן ברױט, —
דו זאָלסט ניט שלעכט אַװעקפֿאַלן פֿון זײ, אָ, ציטערדיקע קרישקע, —
מיט פֿאָרזיכט װעגן זײ דיך, גלײך װי גאָלד, אױף גראַם און לױט.

פֿאַמעלעך, פֿאָרזיכטיק, דו זאָלסט ניט שלעכט, אין שטױב אַרײַן דערלאַנגען —
פֿון פֿנימל אַראָפּ בײַם קינד דער מאַמעס האַנט דיך גלעט,
די פֿײגל חלומען פֿון דיר אין זײערע געזאַנגען,
און אױך דאָס שטילע, אומעטיקע מײַשל פֿון פּאָעט.

פּאַריז, 1941

## זינגט דאָס פֿייגעלע ביים פֿענצטער...

טשוויטשערט, טשוויטשערט ס׳פֿייגעלע ביים פֿענצטער,
בלייב נאָר שטיל, מיר דאַכט, אַז הערן קענסטו,

ווי עס וואָלט דיר וועלן עפּעס זאָגן,
ווי ס׳וואָלט וועלן זיך פֿאַר דיר באַקלאָגן:

— כ׳פֿלי אַרום דאָ שלינג-און-שלאַנג טאָג-טעגלעך,
כ׳זוך חיונה, נאָר ווי איז עס מעגלעך

וואָס איך קען קיין ברעקעלע נישט טרעפֿן,
קיינער גיט דאָס פֿענצטער נישט קיין עפֿן, —

עפּעס מיר אַרויסוואַרפֿן אין דרויסן, —
האַלטן זיך די מענטשן דאָס אין גרויסן?

וואָס-זשע דען איז דאָס מיט זיי געשען,
מ׳זאָל פֿון זיי קיין ברעקעלע נישט זען?...

אַנגעקלאַפּט אין טירן פֿון געוועלבלעך:
שענקט עפּעס די פּיצעלעך, די שוועלבלעך...

נישט געהאַט נאָך גאָרנישט אין מיין שנאָבל, —
היינט וואָס דאַרף איך דען אַזויפֿיל האָבן?

וואָס אַ פֿויגל כאַפּט אַוועק און פּטור... —
כ׳זינג און וויין — מען הערט מיך ווי דעם קאָטער.

אויפֿגעשטאַנען ווען אַמאָל פֿרימאָרגן —
געהאַט „אַ פֿייגעלע אין וואַלד צו זאָרגן”...

ווער מיר גוטס גינט, פֿול די נעסט געוועזן
מיט געבעקסן, פֿוטערן, און קעזן.

נישט פֿאַרפֿעלט פֿון פֿייגל־מילך אַפֿילו, —
היינט, כאָטש לעב פֿון מיינע מאָרגן־תּפֿילות.

נעכטן אויף אַ פֿענצטער־גזימס פֿון ציגל —
שטיין דאָרט בין איך קוים געווען מסוגל,

זע איך מיר אַ קערנדל, אַ שטיקל,
גרייט שוין אָן דאָס שנעבעלע צו פּיקן.

כ׳זע בפּירוש ווי עס ליגט אַ ברעקל,
ערשט איך גיב אַ פּיק און פֿיל אַן עקל. —

ס׳נודעט מיך פֿון ווערגן זיך און שטיקן —
ס׳לאָזט זיך אויס — ס׳איז גאָר פֿון ליים אַ שטיקל...

טשוויטשערט ס׳פֿייגעלע אַזוי און טשוויטשערט, —
נישט עס טשוויטשערט, ס׳קוויטשעט און עס ריטשעט.

שאַרף די פֿעדערלעך זיך אָנגעבלאָזן,
און אינגאַנצן איז עס בלויז ירגזון:

— מיט די אויגן נאַרע איך און נישטער —
שאָקלט קיינער שוין נישט אויס קיין טישטעך?

גייט פֿון שטוב אין דרויסן גאָרנישט איבער —
גייט מיר גאָרנישט פֿויגלדיק דעריבער...

— — — — — — — — —

טשוויטשערט ס׳פֿייגעלע אַזוי ביים פֿענצטער —
בלויז דאָס הונגער־ליד דאָס נייע — הערן קענסטו...

פּאַריז, 1941

## צום אַנטון די געלע לאַטע 1)

כ׳בין זיבן־הונדערט יאָר היינט אַלט געוואָרן,
וואָס פאַר אַ הויכן עלטער כ׳האָב דערגרייכט, —
דאָך דינט מיר וווּנדערלעך נאָך מיין זכרון,
מיין גאַנג איז שטאָלץ, מיין רוקן אויסגעגלייכט.

מיין ראיה איז נאָך שאַרף און נישט קיין טריבע,
און ס׳זענען שוואַרץ נאָך אַלע מיינע האָר,
און דאָך איז פאָרט אַזוי און זיכער, מיינע ליבע, —
כ׳בין אַלט געוואָרן זיבן הונדערט יאָר.

ווייל אויף מיין גוף, געוואָרפן ווי אַן אומחן —
די געלע לאַטע זאָגט עס יעדן אויס.
כ׳האָב זי אין לאַץ פאַרשפּיליעט צו מיין שמחה
און וועל זי טראָגן ווי אַן אויפגעמאַכטע רויז.

דאָס שענסטע יום־טוב־קלייד האָב איך איר אָפּגעגעבן,
דאָס אָנגעזעןנסטע אָרט פאַר איר באַמיט,
ס׳וועט שלאָגן אונטער איר מיין האַרץ מיט לעבן,
און זינגען אונטער איר דאָס שענסטע ליד.

ס׳איז הויך מיין עלטער, נאָר מיין קאָפּ איז העכער,
ווייל דורך די יאָרן שטייגט ער אויף און ברוינט,
און צו מיין יובל היינט אָנשטאָט אַ פולן בעכער —
פאַרהייב איך הויך אַ שטראַלנדיקע פויסט.

---

1) צום אַנטון די געלע לאַטע אין פּאַריז, זומער 1942 איז געוואָרן זיבן־הונדערט יאָר זינט מען האָט פאַראָרדנט די יידן אין פראַנקרייך אָנצוטון די געלע לאַטע.

## אונדזער פּאָן איז היינט צעפּליקט...

אונדזער פּאָן איז היינט צעפּליקט,
— איר אָטעם־הויך זיך ווערגט און שטיקט —
פלאַטערט מער נישט אויבן,
נאָר עס איז איר יעדע צווײַט
אַ העלער שטראַל פון מאָרגנרויט,
וואָס שלאָגט אין אַלע שויבן.

ווי אַ כוח אונטער דרערד,
וואָס פאַרבאָרגן וואַקסט און יערט,
אין דער טיף געפאַנגען,
זאַמלט גבורה — פונק צו פונק,
גרייט זיך אָן צום וווּנדער־שפּרונג —
דער אויבערפלאַך דערלאַנגען.

ווו דער חושך איז געדיכט,
דאָרטן שליידערט זי מיט ליכט,
פון דער טיף — דערוווייליק,
ווײַל צעפּליקט — איז יעדע צווײַט
אַ נר־תמידיקע קנויט,
וואָס איז העל און הייליק.

אונדזער פּאָן איז היינט צעפּליקט,
איז איר יעדער טייל צעשיקט
ווו אַ וווּנד נאָר בלוטיקט;
מילד פאַרדעקט זי זי, פאַרהילט,
און דעם ווייטיק לעשט און קילט,
לינדערט אים און מוטיקט.

װען דער פֿריִער מאָרגן גרױט,
צו די העלדן פֿאַרן טױט
קומט זי אָן צו שװעבן,
הערט אין אױפֿגעבֿרוך פֿון בלײ
און אין לעצטן אױסגעשרײ
װי עס רופֿט דאָס לעבן.

— — — — — — — —

אונדזער פֿאָן איז הײַנט צעפֿליקט,
— איר אָטעם־הױך זיך װערגט און שטיקט —
פֿלאַטערט מער נישט אױבן,
נאָר עס איז איר יעדע צױט
אַ העלער שטראַל פֿון מאָרגנרױט,
װאָס שלאָגט אין אַלע שױבן.

פּאַריז, 1942

## דאָס פאַרבאָרגענע ליד

ווי אין זיין טונקלער נעסט אַ פויגל — פרייד אין האַרצן פלאַטערט,
כאָטש ס'איז פון לאַנג דאָס האַרץ, פון אומרו און פון יאָך, פאַרמאַטערט.

ווי קומט עס גאָר, וואָס פרייד איז אין אַ פינצטער האַרץ פאַראַנען?
בלויז איך און דו, מיין ליד, מיר קענען פון דעם אַנען.

ווען ס'לויערט די רוצח-האַנט און זוכט מיין לייב-און-לעבן,
האָב איך אין זיך— און זיכערקייט, מיין ליד, דיך אָפּגעגעבן.

איך הער זי קלאַפּט, די האַנט, ביי מיר באַגינען: עפן! —
ווי גוט, וואָס זי קען נישט צום ליד אין האַרצן טרעפן!...

זי ווייסט מיין נאָמען , מיין אַדרעס, דעם וועג צו מיין געלעגער,
נאָר וווּ עס וווינט דאָס ליד אין האַרץ — דאָס איז פאַר איר אוממעגלעך.

זי האָט אַ ווייסטן העק פאַר מיר, אַן אָפּגעצוימטן ע ר ג ע ץ ,
וווּ ס'זאָל מיין בליק אין דראָט-געפלאָנטער שטיקן זיך און ווערגן.

זי האָט אַ בייזע קויל וואָס וויל מיך אָניאָגן, דערגרייכן —
דאָס שטיקל בליי און בליישטיפט, וואָס קען אַלץ פאַרשטרייכן!...

און ס'איז די נעץ פון ראָגן היינט — צום כאַפּן בלויז מיין לעבן —
האָב איך אין זיך — און זיכערקייט, מיין ליד, דיך אָפּגעגעבן.

'גייט-אויף אַ פרייד אין מיר דורך יאָך און אומרו-צאַפּל,
אַ פרייד — אַז ס'ליד אין האַרץ וועט איר נישט כאַפּן!...

פּאַריז, 1942

## אונטער שטיינער

כ'האָב אין דרערד די לידער מיינע —
אין אַ קעלער ווו פּאַרקאַפּעט, —
ווען נישט זיכער איז ביי קיינעם
דער טרוים אפילו אין צוקאַפּנס;

ווען נישט זיכער איז אפילו
די שטערן־שיין אין הויכן הימל,
און דאָס וואָרט פון ליד , דאָס שטילע,
דאָס איצטיקע, צי פון אַנומלט.

ווי צום וואָרט וואָס ס'זעט נישט קיינער,
כ'טאָר עס פאַר דער פעןן נישט ברענגען, —
כ'האָב אין דרערד די לידער מיינע
אין אַ קעלער־לאָך אַן ענגן.

ס'טאָר דעם סוד די פעןן נישט וויסן,
זי קען, די פלאַפּלערין, צעטראָגן, —
אַך, מיין האַרץ אין וויטיק־ריסן,
כ'בעט דיך, זאָלסט איר גאָרנישט זאָגן.

זיך צערעדט ווי אין אַ ווידוי
וואָלט איך פאַר די לידער מיינע,
אָדער ווי פאַר גוטע־ברידער
היימיש גאָר זיך אויסגעטענהט.

כ'וואָלט זיי אויף די קני גענומען
און געפרייט זיך ווי מיט קינדער,
וואָלטן זיי אין נעכט אין שטומע
כאָטש מיין עלנט־ווי געלינדערט.

האָב איך אויף די לידער מיינע
אינעם קעלער־לאָך פאַרזונקען,
אָנגעהאָנגען שווערע שטיינער,
ווי אַ מענטש וואָס גייט זיך טרינקען.

נישט אויף זיי, אין גרוב דעם שוואַרצן,
נאָר אין דלד אמות ענגע,
דאַכט זיך מיר, אַז אויף מיין האַרצן,
פיל איך ווי די שטיינער הענגען.

דאַכט מיר אָפט, אין נעכט פול שווייגן,
כ׳ליג אַ שטילער ווי אַ קבר,
און די שטיינער, ווי די דאגות,
כ׳טראָג אויף זיך ווי אַ מצבה. —

אָ, איר זעאונגען פול מורא,
שוואַרץ געמעל פון שרעק און קבר,
וואָס מיין גורל איז אייך גורם, —
כ׳שיק אייך אָפּ צו אַלדע טייוול! — — — — — —

כ׳האָב געלייגט דערפאַר די שטיינער,
איך זאָל ליגן אַ געשמידטער;
ס׳זאָלן צו די לידער מיינע
די מייז נישט האָבן דאַרט קיין שליטה...

ס׳גילטן בלוטיקע באַפעלן —
ליגן הערצער אונטער שטיינער,
און די מייז אין שוואַרצן קעלער
זענען דאַרטן מיינע לייענער.

פּאַריז, 1942

# *LA SANTÉ*

(תפיסה־לידער)

## 1. פאַרשלאָסן

די טיר פאַרהאַקט. דער שליסל גרילצט געמיין,
גלייך ווי ער וואָלט דאָס האַרץ געוואָלט צעברעכן.
איך בלייב אין תפיסה־קאַמער איין־אַליין,
און זיין אַ ייד איז איצטער מיין פאַרברעכן.

העי, וועכטער! — קלאַפּ איך אָן אין טיר און ווענט —
צי בין איך שולדיק אין פאַרברעך דעם שווערן
וואָס ערגעץ אין אַ שטעטעלע האָט נישט געקענט
שטאָט מיר, דעם מענטש, קיין קאַץ געבוירן ווערן?

און וואָלט עס יאָ אַזוי, צום נס, געשען —
וואָלט אויך די קאַץ איר  ז י י ן  געטראָגן ווי אַ משא?
וואָלסט אויך איר בלוט געפּאַרשט און נאָכגעזען,
געפּסקנט: טריפהנע און מיאוסע ראַסע?

עס שווייגט די טיר, אַ זיכערע פאַרמאַכט,
זי ענטפערט נישט און ס'ענטפערט נישט דער וועכטער,
און בלויז אין טיר דאָס יודאַש־אייגל לאַכט
מיט אַ צעלאָזטן, שפּאָטישן געלעכטער...

## 2. אַליין

דער וועכטער גייט אין קאָרידאָר,
די וואַנצן גייען אויפֿן שעניק,
איך שפּיל זיך ווילד מיט מיינע האָר
און רייס אַ זשמעניע נאָך אַ זשמעניע.

דער לאַנגווייל רייסט און ווערט נישט מיד,
מיין האַנט, זעט אויס, שווין מיד אוודאי,
פֿאַרנעם איך זיך מיט וועכטערס טריט
און מיט דער שעניק־פּראָמענאַדע.

איך וויים, עס איז דעם וועכטערס גאַנג
און כ׳וויל נישט, ער זאָל שטילער ווערן, —
ס׳איז איינציק־לעבעדיקער קלאַנג,
וואָס כ׳קען דאָ איצט אין תּפיסה הערן...

דעם שעניק טו איך נישט קיין ריר,
איך לאָז די ברואים רואיק שפּאַנען —
ס׳איז ס׳איינציק לעבן דאָ מיט מיר,
וואָס איז נאָך, אויסער מיינס, פֿאַראַנען...

## 3. די זעאונג

די נאַכט האָט נאָנט אַזוי און היים
אַ מיידל מיך אַרומגענומען,
איך ווייס נישט ווי אַזוי זי הייסט
און ווי אַזוי זי איז געקומען...

זי האָט, כאָטש פרעמד און אומבאַקאַנט,
געזאָגט מיר רייד אַזעלכע זיסע, —
נאָר ווי אַזוי, דורך שלאָס און וואַנט,
איז זי אַריין צו מיר אין תפיסה?...

עס איז דאָך יעדן שטרענג פאַרווערט
צו זיין מיט מיר כאָטש בלויז א רגע, —
איז ווי־זשע קומט זי פּאָרט אהער,
אַזש ביז צום זאַק פון מיין געלעגער?...

זעט אויס, דאָס פרעגן איז אומזיסט,
ס׳דערוויסן זיך וועט נישט געשעען, —
און כאָטש איך ווייס נישט ווער דו ביסט,
דאָך דאַנק איך, מיידל, פאַר דער זעאונג...

## 4. לאַ סאַנטעי

לאַ סאַנטעי — וואָס איז איר נאָמען אויסן?
לאַ סאַנטעי — ג ע ז ו נ ט  אויף אונדזער לשון, —
כ׳זע שוין ווי אַזוי ס׳געזונט קען אויסזען,
זיצנדיק דאָ וואָכן און חדשים...

לאַ סאַנטעי — מיר ווילט זיך אַזוי לאַכן,
איר נאָמען צודעקן מיט מיין געלעכטער,
אַ שאָד, דער קאָפּ איז מיר נישט היינט צום לאַכן —
כ׳בין קראַנק, און זאָגן גיי איך עס דעם וועכטער.

לאַ סאַנטעי — איך מעלדע זיך צום דאָקטער,
ער זאָל אַריינקומען און מיך באַטראַכטן, —
ער גיט אַ קוק אויף מיר — ס׳איז גאַרנישט — זאָגט ער,
און לאַכנדיק פאַרקרומט, די טיר פאַרמאַכט ער.

לאַ סאַנטעי — אַן אוניפאָרם אין זילבער,
מיט שליפּעס, מיט אַ האַקנקרייץ אַ גרויסן,
און מיט אַ פויגל איבער אים, אַ ווילדער,
וואָס שפּעט פון מיר און פּיקט דאָס ליכט פון דרויסן.

## 5. דער אָדלער אויפֿן האַקנקרייץ

ווי נאָר איך קער זיך און איך ווענד זיך איצט,
זע איך ווי אַ כמורנער און אַ בייזער,
אין שווערן אומגעדולד דער פֿויגל זיצט
אויף זיין געזעס, ווי אויף אַ קויל אַ הייסער...

דעם בליק אַריינגעשטאָכן אין דער ווייט,
אַ ברוגזער, אַן אומרואיק-צעשטרייטער,
ער האַלט די פֿליגל זיינע אויסגעשפּרייט,
ווי גרייטן וואָלט ער זיך צו מאַכן פּליטה...

אוי, פֿויגל מיאוסער, טראָג זיך אָפּ פֿון מיר,
מיט פּאַך פֿון דיינע פֿליגל — פּאַך פֿון מיתה.
זאָל נאָר מיין מאַמע נישט דערוויסן זיך פֿון דיר,
אַז ס'איז אַ היים געוואָרן מיר דיין תּפֿיסה.

עס וועט איר וויטיק זיין דאָרט אַזוי גרויס
און אויסוויינען וועט זי פֿאַר מיר די אויגן, —
וואָלט זי געוווסט, דו ביסט פֿון מיר אַרויס,
ביסט כאַטש פֿון מיר, איר קינד, אַוועקגעפֿלויגן.

ער לאָזט אַראָפּ דעם שנאָבל אין אַ זייט,
אויף צו פֿאַרשטעכן אים אין שטחים, פֿרייע לאַנען,
און האַלט די פֿליגל זיינע אויסגעשפּרייט,
ווי גרייטנדיק זיך אָפּפֿליען פֿון דאַנען...

## 6. אויף יענער זייט וואַנט

קוים צו הערן דורך דער שווערער, דיקער וואַנט,
פאַרנעם איך ס׳גיכע שפּאַנען פונעם אַרעסטאַנט.

דאָס אויף־און־אָפּיקע געגיי פון אַרעסטאַנט,
וואָס שפּרייזט און מעסט די צעל אַן אָפּרו, נאָכאַנאַנד.

פּלוצלינג נעמט דער זייגער שלאָגן אויפן תּפיסה־הויף —
שטעלט אָפּ מיין שכן דאָרט זיין אומזיניקן לויף...

איך וויס, דאָס ציילט ער דאָרט די שעה, און ס׳ווערט מיר גוט
צו וויסן איצטער, וואָס ער וויל און וואָס ער טוט;

צו וויסן, אַז ס׳איז עמעץ דאָ אין שטיין פאַרשטעקט,
וואָס אויך ווי מיך, האָט אים דער זייגער אויפגעוועקט;

און אויך ווי איך, דאָרט הערט ער איצטער שטיל זיך איין,
און אויך ווי איך, וויל ער, די צייט זאָל גיין, זאָל גיין;

און איז אינגאַנצן דאָרט פאַרלאַנג און טרוים — ווי איך —
אַז אַלע שעהן זאָלן אָפּטראָגן זיך גיך...

## 7. מיר האַכט זיך דאָ...

מיר דאַכט זיך דאָ, איך בין אַ מענטש נאָך פון פאַרצייטן:
געדיכט און ווילד באַוואַקסן איז מיין הויט.
אין מיין נאָרע ליג איך אַ פאַרקנוילטער און פאַרדרייטער,
איך פריי זיך מיט מיין שפייז — דער לחמא ברויט, —
די טייערע, די ביטערע און שוואַרצע.
איך שפיגל זיך אין וואַסער, וואָס איך טרינק,
עס קוקט אַרויס פון דאָרט מיין פנים —
דאָס גליקלעכע, משונהדיקע פּרצוף,
פאַר שמחה ווילט זיך געבן מיר אַ טופּע און אַ שפּרונג,
ווען איך דערזע עס אויפגיין אינעם וואַסער, ווי אַ וווּנדער,
ווען איך דערזע עס אויפגיין, ווי די ערשטע זון דאָרט.
— אוהו־ו־ו! — וואָלט איך אַזאַ געשריי געגעבן,
אַזאַ געשריי פון פרייד און פון הנאה.
— אוהו־ו־ו! — וואָלט איך אַרויסגעלאָזט אַזאַ געברום,
עס זאָל די ערד אַ הילך־טון מיט מיין פרייד דאָרט, —
נאָר מורא האָב איך פאַר דער חיה־רעה,
וואָס דרייט זיך דאָ אַרום
און שנאַפּט און זוכט מיין לעבן...

## 8. אַ קלאַפּ אין וואַנט

ווער קלאַפּט עס דאָרטן דורך דער וואַנט? —
אַ פרעמדער מענטש, מיר אומבאַקאַנט,
זיין אויסזען האָט זיך דאָ די גאַנצע צייט
נאָך קיינמאָל נישט פאַר מיר באַוויזן.
איך וויים אפילו נישט צומאָל,
ווי אַזוי עס קלינגט זיין קול —
דער מענטש, דער מענטש פון יענער זייט —
אַ קלאַפּ אין וואַנט — דאָס איז ער.

אָ, מיד איז ער, דער מענטש פון דאָרט,
פון נישט אַרויסזאָגן אַ וואָרט;
פון זיין דאָרט איין־אַליין מיט זיין געביין,
פון גיין, פון שטיין, פון ליגן און פון זיצן —
איך וויים, עס וויל דאָס זאָגן מיר
זיין יעדער קלאַפּ, זיין יעדער ריר,
וואָס בעט, וואָס וויל צו מיר אין האַרץ אַריין,
עס זאָל אים, ס'האַרץ, באַהאַלטן און באַשיצן.

ער וויל צוריק אַ קלאַפּ, אַ ריר.
ער קען דען וועלן מער פון מיר? —
און ס'ענטפערט אים, דעם מענטש, מיין האַנט,
און ס'האַרץ, וואָס גייט צו אים אין צאַפּל. —
אָ, זאָג מיר, מענטש פון יענער זייט,
פאַרוואָס מיר דאַכט די גאַנצע צייט —
ווען כ'הער די פינגער דיינע נאָכאַנאַנד —
ווי טרערן וואָלטן קאַפּען?...

## 9. פֿאַר אַ רעגן

צום פֿענצטער קומט אַ וואָלקן צו, פֿון ערגעץ־ווו פֿאַרשלעפּט,
און גיט זיך אינעם פֿלאָנטער פֿון די קראַטעס אַ פֿאַרטשעפּ.
ווי איך, דאָ אינעווייניק — דאָרט, אין דרויסן שטייט ער —
צום שמאָל אַ צוגעשמידטער, און ער גייט נישט ווייטער.
אָן אָפּגעריסן־אָפּגעשליסענער, אין שמאַטעס און אין לאַכעס,
אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער, אַ וואַנדערער, אַ קונצנמאַכער.
ער שפּרייט זיך אויס דעם הימל פֿאַר אַ פּלאַכטע,
און דאָרט אויף איר די קונצן זיינע מאַכט ער:
צומערשט איז ער אַ פּראָסטער וואָלקן און נישט מער,
(צום באַווייזן מיר דאָס קלערער, שטופּט ער נענטער זיך אַהער)
דערנאָך גיט ער זיך אַ פֿאַרקנויל און אַ צעשמעלץ,
און מ'ווערט פֿון אים אַ צדיק אין אַ שאָפּן־פּעלץ,
פֿון צדיק ווערט אַ קיסערינע מיט אַ ווייסער שלעפּ,
און פֿון דער קיסערינע ווערט אַ העלפֿאַנט מיט אַ שעפּס.
דערנאָך ווערט ער דער זעלבער וואָלקן, ווי געווען,
(ער ווייזט עס מיר און יעדער איינער קען עס זען)
נאָר עפּעס ווערט ער אָנגעבלאָזן, גרעבער אַלץ און גרעסער,
ווי ער וואָלט צעזעצטערהייט זיך אָנגעזויפּט און אָנגעפּרעסן,
ווי אויף שטענדיק וואָלט ער איצט — אין זיין פֿאַרקנויל, אין זיין צעשמעלץ —
איינגעשלונגען דאָרט דעם צדיק מיטן שאָפּן־פּעלץ,
דערנאָך די קיסערינע און דעם העלפֿאַנט מיטן שעפּס, —
און איצט גיט ער אַ לאָז אַרויס אַ דונער, ווי אַ גרעפּץ...

9.

## 10. דער זייגער

אָ, זאָל ער אויפהערן, דער זייגער דאָרט, זיין שלאָגן,
איך קען עס מער נישט אויסהאַלטן,
איך קען אים נישט פאַרטראָגן! —
צי האָט ער זיך דאָס היינט פאַרנומען
דעם חלל אין מיין קאָפּ צו שפּאַלטן
און מיט זיין יעדן שלאָגן מיך דערשלאָגן?!
ווי ווערט עס אים נישט דאָרט פאַרמיאוסט און נמאס
מעת-לעתנווייז אַרומצוגיין מיט זיינע שעהן,
ווי מיר, ס'אַרומגיין דאָ פון וואַנט צו וואַנט,
אין אומגעדולד,
אין אומרו,
אין שגעון.
ווי ווערט עס זיינע ווייזערס נישט פאַרמיאוסט
מעת-לעתנווייז
דאָס זעלבע ציפערבלאַט אַרומצוקרייזן,
ווי מיינע פיס —
דעם זעלבן ברעט פון דיל
אַרומצושפּרייזן.
אָ, זאָל ער אויפהערן, דער זייגער דאָרט, זיין שלאָגן,
מיין אויער קען אים נישט פאַרליידן,
סיי-ווי וויל ער מיר נישט זאָגן,
ווען מיין לעצטע שעה וועט נעמען שלאָגן,
די לעצטע שעה —
ווען איך וועל מיט דער תפיסה-טיר זיך שיידן,
סיי-ווי לאָזט ער מיך דאָ איבער
אין מיינע דלד אמות,
פון מיין הארץ

און פון מיין קאַמער.
ער הערט מיך נישט, און ווי אַ ראָד
פאָרט ער איבער מיר אַכזריותדיק אַריבער,
און רואיק, פּינקטלעך, צו דער צייט
ער שלאָגט די שעה און גייט זיך ווייטער,
אַזש כ'גיב זיך פון מיין רו און פון מיין שטרויזאַק
מיט צאָרן און מיט כעס אַ שליידער —
ווייל ס'דאַכט זיך מיר, אַז מיט זיין יעדן שלאָג
וואָלט ער צולהכעיסדיק פון מיר געחוזקט,
וואָלט ער רייצן זיך און שפּעטן. —
אָט נעם איך רייסן שטיקער פון די ווענט
און וועל אים באַלד מיט זיי דעם קאָפּ צעפּלעטן.
אָט גיב איך אים ביז מינדסטן רעדעלע און שרייפל
אַ טרייבער־אויף די טריפהנע געדערים,
און גיב אים פאָרן גאָרגל דאָרט אַ כאַפּ געשווינד.
און אַז איך זאָל אים מער נישט קענען הערן —
וועל איך אים פּונעם גלאָק אַרויסרייסן זיין צונג
און וואַרפן זי און שליידערן פאַר אַלע הינט!

און אויב ער וויל דאָס נישט —
איז זאָל ער בעסער אויפהערן זיין שלאָגן, —
זאָל ער בעסער געבן דאָרט אַזאַ געשריי,
עס זאָל דער גאַנצער בנין פאַלן מיטאַמאָל,
עס זאָל די מויערן אין לופטן טראָגן
און אין פּאַפּיר פאַרוואַנדלט ווערן זאָל דאָס שטאָל!...

## 11. זון־פאַרגאַנג

איך קוק אַרויס אינדרויסן דורך די תפיסה־שויבן,
דער טאָג הייבט־אָן זיך שוין אין וועג אַריין צו קלויבן,
אין מערב גרייט זיך שוין די זון צו מאַכן פּליטה,
נישט לאַנג, נישט לאַנג און מירן בלייבן באַלד צעשיידטע,
איך — דאָ, אין תפיסה־קאַמער, זי — ווער קען דען אירע וועגן?
און עפּעס נעמט מיך אָן אַ חשק זי צו פרעגן:
ווי קענסטו איצטער גראָד פאַרלאָזן מיך, מיין זיסע,
ווען איך ליג איינגעלייגט אין תפיסה?

פאַר איר אַוועקגיין מאַכט זי אויף איר גאַרדעראָבע,
פול וואָלקנס־פּעק מיט קליידער, אָנגעפּאַקטע, גראָבע,
זי מעסט־אָן שמאַכטעס אַלערליי, די שענסטע שטעטער —
אַט רויט, אַט זילבער־ווייסע, ראָזע און פיאָלעטע,
זי טוישט די שטאָפן — אָ, זי קען זיך עס דערלויבן, —
און ווייסט אַליין נישט פריער וואָס זיך צוצוקלויבן, —
פאַר וועמען שלייערסטו זיך דאָס אַזוי, מיין זיסע,
ווען איך ליג איינגעלייגט אין תפיסה?

זי גייט באַלד הוליען מיט דער נאַכט, ס'פאַרדריסט מיך שרעקלעך,
און מיר דאָ וואַרפט זי צו שיריים־שטראַלן, ברעקלעך.
זי גיט דעם חושך פון דער נאַכט איר לייב־און־לעבן
און לאָזט זיך אין זיין שוואַרצער נעץ אַריין פאַרוועבן, —
ווי קענסטו לאָזן זיך פון אים דיין אויג פאַרבלענדן
מיט רייכן זילבער־גלאַנץ פון אַ לבנה־רענדל
און מיט אַ ביסל דאַרטן שטערן־מינץ, מיין זיסע,
ווען איך ליג איינגעלייגט אין תפיסה?...

## 12. אַ מענטש מיט אַ קול...

ס'פאַרמאָגט אַ מענטש אַ קול — נאָר וואָס האָט ער דערפֿון?
עס האָט אַ מענטש אַ לשון — רעדט ער נישט צו קיינעם,
זיין יעדעס וואָרט איז אָפּגעטיילט מיט ווענט אַרום,
און אויך דאָס נאָענטסטע געהער פון זיינע שכנים.

ווי גרויס עס איז געווען דער מאַמעס פרייד אַמאָל —
דאָס קינד פלעגט אָנהייבן אַ וואָרט אַרויסצוזאָגן,
איצט גייט אַרום אַ מענטש און איבריק איז זיין קול,
ער דאַרף עס נישט צומאָל אויף לאַכן, נישט אויף קלאָגן.

ער שווייגט אין קאַמער, ווי זיין שאָטן, גאַנצע טעג,
אים דאַכט, ער קען אפילו זיין זיין שאָטנס שאָטן...
ער וואָלט מיט קאָפּ אין וואַנט געשלאָגן — ווען מען מעג —
ווייל לויט געזעץ איז קלאַפּן אין די ווענט פאַרבאָטן...

ער וואָלט זיך גערן איצט פאַרגאַנגען אין געוויין,
צו גאָר צעלאָזט זיך אין אַ הויך און ווילד געלעכטער,
ער זאָל אין גליוערניש דערהערן זיך אַליין —
אויך דאָס איז אָבער שטרענג פאַרבאָטן פונעם וועכטער...

## 13. מען עפנט די טיר

באַטש פרעמד און פאַרהאַסט אַזוי איז אונדז דער שליסל,
איז דאָ אויך אַ רגע ווען ליב איז ער דיר —
ער גיט ווי אַ מענטשלעכע שטים דיר צו וויסן:
מען עפנט די טיר.

אַ רגע צערייסט ער די שטילקייט אויף שטיקער,
עס גיט אַזש דער לאַנגווייל פון אָרט זיך אַ ריר,
עס גייט נישט אַזוי אין דעם אַלץ, ווי דער עיקר:
מען עפנט די טיר.

ס׳איז טייער דיר דעמאָלט זיין קלאַנג, ווי פון צירונג,
און היימיש איז ער, ווי דער קלאַנג פון געשיר,
ווען ס׳גייט אין דיין האַרץ, ווי אין שלאָס, די באַרירונג —
מען עפנט די טיר.

שוין שעהן ווי כ׳וואַרט, עס זאָל עפּעס געשעען,
כ׳באַשטיי, מען זאָל קומען און שרייען אויף מיר.
איך וועל עס נישט הערן, דאָס שרייען, כ׳וועל זעען:
מען עפנט די טיר.

זי עפנט זיך דעמאָלט פאַר מיר, ווי אַ שמייכל,
איך זע נישט דעם וועכטער, וואָס שטייט דאָרט אין איר —
באַטש אויך זיין אַהערקומען דאָ איז אַ צייכן —
מען עפנט די טיר.

עס גרייט זיך דאָס האַרץ אין דערוואַרטונג און טרערן,
פאַרנעמען פון שליסל דעם לעצטן באַריר —
עס וועט אַזוי גערן אין טרערן דערהערן:
מען עפנט די טיר.

פּאַריז, תפיסה לאַ סאַנטע, יוני 1941

## אַרום טייך

עס גייט דער טייך זיין גאַנג אַן אויפהער
און שווענקט די סלופּעס פון דער בריק,
די פּליעסקענדיקע כוואַליעס לויפן
ווי מיט יאָרהונדערטער צוריק.

ווי טונקלע שמאַטעס — כמאַרעס שווענקט ער,
ווי כמאַרעס — שווענקען פרויען וועש,
און ס׳שווימט אַ ניגון אַ פאַרבענקטער
מיט אויסגעמישטן כאָר פון פרעש.

און ווען די אָוונט-שאָטנס פאַלן
און שפּרייטן נידעריק זיך אויס,
פון אויבן כאַפּט דער טייך, ווי באַלעמס,
לבנהס רונדע אין זיין שויס.

ער הערט, ווי אויף דער בריק דערלעבן,
עס גייען מענטשן, טעג און נעכט;
עס קרעכצט אַ פור און שלעפּט דאָס לעבן,
און אויף דער פור — דאָס לעבן קרעכצט.

סוף ווינטער אַ געוויטער יאָמערט
און שוידערט אין דער בריק און ברומט,
דערשרעקן זיך די שטילע שטראָמען
און נעמען יעדן קלאָץ אַרום. — — — — —

צי זאָל עס זיין דען אַ געוויטער
וואָס טראָגט זיך איצטער פונעם טייך? —
עס האָט אַן אויפגערויש פון טריט דאָרט
און פון געשרייען אים דערגרייכט.

צי איז מען ווען אזוי געגאַנגען? —
אַזויפיל קעפּ. צונויפגעדריקט.
און ס׳נעמט דער שטימען־שטראָם דערלאַנגען
און ווי געוויטער — שפּאַרט די בריק.

די ערד פון אומרו אויפגערודערט
ווען ס׳גייט אין שלאַכט פאַר איר דאָס פאָלק;
אַ יעדער שפּאַן מיט אים פאַרברודערט,
שיקט אָפּ אויף מיילנווייט זיין קול.

און פון די מענגעס, קעפּ, און ביזן
געוועלבטן בלאָ און זון־געבלענד
האָט זיך אַרויף אַ פאָן געריסן
פון זומערדיקע מיידל־הענט.

געגאַנגען איז נאָך איר די געגנט,
געגאַנגען איז נאָך איר די פּיין,
און ס׳פרייען זיך מיט איר די וועגן
און ווייזן איר דעם וועג אַליין...

די וועגן איילן ווי שליחים
פון טייך, צום אויסקוקן די ווייט,
און צריק זיי ברענגען אין דער גיך אים
ידיעות אומרואיק, צעשטרייט... —

אָט דאָרט ביים האָריזאָנט דעם ווייטן,
וו שמאָל און קלענער ווערט די וועלט,
איצט גייען־אויף צום הימל רייטער
אין גראָע וואָלקנס שטויב פאַרשטעלט.

און הערן יעדער באַרג און טאָל קען,
און הערן קען די רונדע ערד
דעם גאַנג, דעם שווערן פון די וואָלקנס,
דאָס טעמפּע טופּעריי פון פערד...

און ווען די ערשטע שורה רייטער
האָט נענטער זיך געטון אַ רוק,
און פון די טלאָען ווילד־פאַרשייטע
עס האָט זיך ראַש צעוויגט די בריק, —

געבליבן אין המון־געפּלאָנטער
איז דאָרט דאָס מיידל מיט דער פאָן,
זי זעט ווי פון גאַלאָפּ דעם נאָנטן
אַ רייטער איילט און יאָגט זי אָן.

— וווהין?! — דער רייטער סאַמע נאָענט,
פאַרהייבט דאָס פערד צו איר געווענדט. —
צעגליטע , טרעטנדיקע טלאָען,
און זומערדיקע מיידל־הענט...

אָט פון המון שוין אָפּגעזונדערט
און צוגעשפּאַרט צו דער באַריער,
און עפּעס מאָדנע, שטאַר, פאַרוווּנדערט,
עס גלאָצט אויף איר דאָס ווילדע פערד.

עס שפּרינגט דאָס אָדלערל פון היטל,
און קעגן אים — אין בלאָנד און בלענד,
גייט־אויף איר קאָפּ, און אינדערמיטן —
עס אַמפּערט זיך די פאָן פאַרקלעמט.

און ס'שפּרינגט דאָס אָדלערל און פרייט זיך:
— עי, פייגעלע, אַ שאָד די מי,
דו ביסט געכאַפּט, נישטאָ קיין עצה,
און ס'פּענדעלע איז שוין ביי מיר!...

מיט פרייד, מיט זיכערקייט, מיט העזה
און רייצונג צינדט דאָס רויטס אים אָן, —
נאָר זי האָט צוגעזאָגט, נישט לאָזן
איר האַנט זיך שיידן מיט דער פאָן.

— װוּהין ?! — מיט גװאַלד, מיט פערד און מענטשן
פאַרשטעלט די װעלט, פאַרשטעלט די ערד,
בלויז פריי — דער טייך, צו איר געװענדט שױן,
און נאָנט מיט רעטונג — די באַריער...

זי האָט דאָס לעבן איצט געװאָגן,
אײנגאַנצן זיך צו איר פאַרטרױט —
זאָל פאַן און קאָפּ צעבלענדטן-בלאָנדן
שױן בעסער צונעמען דער טױט. — — — — —

װי איז זי דורך דורך אַלע צױמען?
זי איז דאָך ערשט געװען דאָ נאָנט, —
עס קוקט דער רײטער װי נשתּומם —
נישטאָ קײן מײדל און קײן פאָן...

„אַ שאָד די מי, נישטאָ קײן עצה"? —
און ס'װײזט די זון אים: רײטער, זע,
װי רױטע פאָן מיט לעבן שײדט זיך,
און לעבן זאָגט דער פאָן: אַדיע!...

ביז לעצטן פאָדים אָנגעצונדן,
עס זינקט די פאָן צום גרונט אַראָפּ,
ביז זי גײט-אױס און װערט פאַרשװוּנדן
און נעמט אַרום דעם מײדלס קאָפּ.

עס רױשט דער טױט אין קלײדער נאַסע,
לעשט-אױס אין אױג דעם לעצטן בליק,
אין גיכן אָנגעלױף דאָס װאַסער —
דער לעצטער שונא — האָט געשטיקט...

שױן לעצטער שאָרך נאָך איר פאַרגאַנגען,
נאָך ציטערט בלױז אַ װאַסער-קרײז,
און דאָרט אין רינג איז זי געפאַנגען, —
די פאָן געפאַנגען און דערלײזט...

די רינגען שפּרייטן זיך אַלץ ברייטער,
— דער גאַנצער טייך ווערט פול מיט זיי,
ידיעות צו די ברעגן ווייטע
די כוואַליעס ברענגען אין געאייל.

צעטראָגן דאָרט רמזים, שפּורן,
און סודות פון דער וואַסער־טיף,
און יעדע כוואַליע איז אַ שורה
— ...פון אונדזער דראַבנער אויפרוף־שריפט

דורך איר, ווי פונעם שטראָם צעווייגטן,
פון מיידל האָבן מיר געהערט,
און פון דער פאָן דער נישט־באַזיגטער
און פונעם טייך אויף אונדזער ערד.

דער טייך — איר בלאָע באַריקאַדע,
— וואָס האָט איר אַזוי טריי געשיצט,
געהיים און שטיל, ווי אין באַלאַדעס,
— ?און שטום, ווי קען ער זיין דען איצט

מיט כישוף רופן נישט קיין נימפן,
— ,קיין וואַסער־מיידלעך פון דער דנאָ
עס טראָגט זיך בלויז פון דאָרט די שטים פון
דעם מיידלס נישט־באַזיגטער פאָן.

דורך קלעצער פון דער בריק, דורך שפּאַרעס,
דער שטראָם זיך שפּאַרט אין גיכן פאַל;
דאָס וואַסער שרייט, דאָס וואַסער ליאַרעמט
און זינגט דעם אינטערנאַציאָנאַל...

די ברעגן שטיל־פּאַרקלערטע הערן,
פון ביידע זייטן הערט די ערד,
און אויך דער הימל פּאַרכטיק־ערנסט
בייגט נידעריק זיך צו און הערט.

צום גרונט אראָפּ, דורך יעדן טראָפּן
דרינגט די לבנה דורך אָפּטמאָל
און לייגט דעם מיידל זיך צוקאָפּנס, —
דעם קאָפּ — אַ זילבער־אָרעאָל...

ס׳פאַרבייט דעם טאָג די נאַכט, ווי שטענדיק,
און ס׳וואַסער די קאָלירן בייט, —
ערשט בלאָ, אַט רויט, און גאָלדיק־בלענדיק, —
עס טוישט די פאַרב לויט יעדער צייט.

און ס׳גייט דער טייך זיין גאַנג, זיין דויער,
ווי מיט יאָרהונדערטער צוריק, —
נאָר ס׳שווייגט דער ברעג דאָרט, ווי אין טרויער,
און ווי אַ דענקמאָל שטייט די בריק...

תפיסה לאַ סאַנטע, יוני 1941

# אויפן אַש פון מיין היים

אַלע פאַרלאָשענע,
אַלע פאַרשוואונדענע
פון מיין פאַרוויסטער היים —
געהייליקט.

## אויפֿן אַש פֿון מיין היים

הייב־אויף די הענט, געשטרעקט, ווי נאָך דערבאַרמונג,
צום הימל, וואָס איז גאַנץ געבליבן בלויז,
און עפֿן אים צו לייענען ווי אַ פֿאַרמעט,
און לייען דיין טרערן־כּתבֿ פֿון אים אַרויס.
פֿאַל־צו צו אים, דיין טרערן־כּתבֿ, און טרינק עס,
ווי ס׳טרינקט דער דורשטיקער אפֿילו קויט און שליים, —
אַ, פֿאַרמעט פֿאַרכטיקער, אַ, לעצטער פּנקס,
דו זכר אייניציקער פֿון אונדזער היים!

אַ, הימל מיינער, אייביקער, פֿון דזשיקע,
וואָס האָסט געזען אויף אונדז די פֿייער־נעכט,
און נאָכדעם ווי אַ טוך פֿאַרדעקט, פֿאַרוויקלט
קדושים און געטון זיי זייער רעכט.
ווער דען האָט טון זיי זייער רעכט געקענט דען?
פֿאַרברענט דער קברן און דאָס טהרה־ברעט,
פֿאַרברענט די לאָפּעטע, דער קבר אַ פֿאַרברענטער,
און בלויז דער הימל נישט פֿאַרברענט, ער קוקט און זעט...
ער זעט ... ער האָט געזען דאָס לעצטע פֿייער
פֿון אונדזער לעצטן, ברענענדיקן דאַך;
געהערט פֿון עופּהלעך דאָס לעצטע שרייען,
שטאָט ווינדעלעך — אין פֿלאַמען פֿון דער נאַכט.
צו אים, פֿון לעצטן פֿלאַם אַן אָפּגעזעצטער
איז אויפֿגעגאַנגען אונדזער לעצטער רויך,
און פֿון קדושים שוין צו אים אַ לעצטער
איז אויפֿגעגאַנגען דער נשמה־הויך.
די פֿייערן אין גלוסטעניש אַלץ העכער,
ווי רויטע מערדער־הענט נאָך רויב געשטרעקט,
זיי כאַפּן־אונטער מויערן און דעכער
און לייגן זיי צום תּליונס פֿיס אַוועק;

זיי כאַפּן לעצטן זקנס „שמע ישראל!"
און כאַפּן לעצטן „מאַמע!" פונעם קינד.
און בלאַנדן קרויז און באָרד צעלאָזטע, גראָע,
פאַרציִען און פאַרדרייען אין געצינד.
דעם הימל שניידן צינדערס און צעקריצן —
קומט גאָט, ווי צום באַרג סיני דאָס אַהין
צום פּיינט דאָרט אויך מיט דונערן און בליצן,
ווי אָנגעגרייט אַמאָל פאַר זיינע זין?!...
ביז ס'האָט אין לעצטער קעל דער פלאַם געדושעט,
און העליש־רויט דער הימל האָט געברענט,
ווי גאָט וואָלט אָנגעצונדן זיך פאַר בושה,
וואָס ער האָט צוקוקן דאָס אַלץ געקענט...

אָ, געטאָ־היים, דו ברענענדיקער שייטער,
ווו ס'ווערט באַלויכטן מיין פאַרשעמטער שטאַם,
צום הימל שטייגן פלאַמען אויף, ווי לייטערס, —
גייט־אויף מיין היים געהייליקט אינעם פלאַם.
טייוולאָנים פליענדע פון הימל רייסן שטיקער,
און גריזשען פאַסן תכלת מיט די ציין, —
אָ, הימל נישט־פאַרגעסענער פון דזשיקע,
צי וועסטו בלאָ אַמאָל נאָך קענען זיין?!

די געטאָ־ווענט — אַרויסגעזעצטע בעלמען.
עס וואַכט די מויער און דער וועכטער וואַכט,
דער העלם אויף קעפּ, דער הימל איבער העלמען,
און ס'זיצט אויף אַלץ אַראָפּגערוקט די נאַכט;
דעקט־צו אויף פּנימער דעם פלעק פון טיפוס,
און בלייכקייט — פונעם הונגער־טויט פאַרפאָלגט,
נאָר ערגעץ אין דער נאַכטס געהיימע טיפן
קלאַפּט שטיל דער דופק פונעם וואַכן פאָלק.
דאָס קלאַפּט עס אוים אין הייל זיין שווערד פאַרטאַיעט,
אין טיפקייט — טיפער פון דער געטאָ־נאַכט;
ס'וויל שטאַרבן אָנגעטון היינט אין כלי־זין,
ווי אַ פאַרפּוצטער אין דער שענסטער טראַכט.

אָ, שאַרף זי, קיזלשטיין פון האַס! און אַלץ און אַלע
געשליפן ווילן זיין ווי אונדזער טרער:
די האַק פון האָלצהעקער, דעם שוחטס חלף,
דאָס כירורג-מעסער און דעם שניידערס שער;
דעם סטאָלערס זעג, דעם שערערס בריטווע-קלינגל,
די פייל פון טאָקער און דעם שוסטערס אָל,
דער מאַמעס האַקמעסער, דאָס מעסערל פון יינגל, —
אָ, שאַרף זי, קיזלשטיין, די שווערד פון אונדזער שטאָל!...

איך הער דעם קלאַנג פון תהום אַרוים דעם שווערן
און ס'גייט מיין האַרץ, ווי מיין געהער, אַהין,
ווי כ'וואָלט אין דעם גערויש געקענט דערהערן
דאָס שטעפּן פון מיין טאַטנס ניי-מאַשין,
מיין זיידנס העמערל אין זוילן און אין נעגל,
דער באָבעס חומש-טאָן אין שבת-רו,
דער מאַמעס ציגעלע פאַרוואָגלט אונטערוועגנס
מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען ערגעץ-ווו...

דורך מאַמעס פול די פלעשער אָנגעגאָסן
מיט ברענשטאָף און מיט ביטערקייט, ווי לויג,
באַטרונקענע מיט נאַפט און מיט פאַרדראָסן,
מיט עוולות האַרבע — פולע ביז צום אויג.
אָ, פלעשער דורשטיקע, זייגט-אויס דעם לעצטן כוח,
פון ברוסט — דעם לעצטן טראָפּן מילך און בלוט,
און פּלאַצט מיט אונדז באַנאַנד אַריבער מויער,
ווי אונדזער האַרץ אין צער און אין נקמה-גלוט!
און פּאַנען... אויף מכבד זיין דעם גזלן —
אויף לעצטער גרויסער שמחה קאָכט און בריט...
אין טעפּ די סמאָלע — פינצטער ווי דיין מזל,
און ס'וואַסער — ווי די טרערן דיינע זודט...
דורך מויערן צעבראָכן, ווי דאָס לעבן,
דורך פענצטער-לעכער אויפגעעפנט-ברייט —
מיין היים איז שיטנדיקער פעך-און-שוועבל
אין הענט און הענטעלעך פון קינד-און-קייט.

די קינדער דאָרט, זיי שפּילן נישט אין באַלעמס,
אין באַלעמס אַנדערע דאָס הענטעלע פאַרשפּילט;
אַ שפּיל אויף טויט און לעבן, וואָס איז אַלעמס, —
מיט שרויט און האָס די באַלעמס אַנגעפילט. —
גראַנאַטן, ווי די פליענדיקע קללות.
געבענטשט דער גאַנג, אַ לויב דעם דינאַמיט! —
אַ לויב דעם איינציקן, וואָס וועט באַצאָלן
פאַר יעדער טרער און יעדן חרפה-שניט!...
און שוועסטער-פינגער ציען שטיל און פאַרכטיק
אין אים — ווי אין יום-כיפור-ליכט — די קנויט,
און וויס, די געטאָ-נאַכט זי שלאָפט נישט דאָרטן,
זי גרייט דעם תליון און פאַר זיך דעם טויט...

— — — — — — — — — — — — — —

אין גאָלדענעם אַפּריל איז דאָס געווען,
ווען פון קראַשינסקיס גאָרטן שיין און צאַרט,
פון צווייגן — פון אַקאַציעס און פון בעזן,
די קנאָספּן האָבן זיך צו ליכט געשפּאַרט,
און פון האַרמאַטן-רערן לעבן זיי דאָרט —
געשפּאַרט האָט זיך אויף דיר דער פייער-טויט...
אין שוואַלבן-פּישטש — אין קרעכץ פון חבלי-לידה —
עס גייט די וועלט צו קינד ביי יעדן פּלויט;
זי גייט ... דורך פעלדער, גערטענער און וועגן,
זי גייט אין וויסן צוויט, אין ווייסער שיין,
אין גראָזן זיין וועט איר געבורט-געלעגער —
און דו — צי ווייסטו וווּ עס וועט דיין קבר זיין?...

קאַנאָנען, ווי די שטראָפנדיקע פינגער
פון עפּעס אַ געהיימען, שטרענגן גאָט,
וואָס אויסגעקליבן האָט ער זיינע קינדער
צו אונטערטעניקייט און שאַנד-און-שפּאָט;

און איצט, צו זיי, פֿאַרשעמט, ווי מצורעים,
אין דעם באַזונדערן געצעלט ער שיקט אַריין
משחיתים שטאָלענע, ווי חיות־רעות,
וואָס שטשירען אויס אויף אים די קייטנציין;
זיי ראַטשקען נידעריק ביי ווענט און פֿויזען,
ווי עקדישן מיט פֿייער־גיפֿט אין פּיסק,
פֿון מויערן צעגריזשעטע און לויזע
נאָך פֿאַלן שטיקער אָפּ נאָך יעדן ביס...
אָט גייט דער טאַנק — אַ קריכנדיקע נאָרע,
דער דייטש אין אים — פֿאַרנעגלט און פֿאַרשאַנצט,
עס רייסט זיך יעדער שטיין צו אים אין צאָרן,
און יעדע שויב צו אים אין צאָרן בליצט און גלאַנצט!
אין הייף און שטובן פֿינצטערע, ווי תהומען,
דער טויט לעבט־אויף — אַ ביינערדיקער ריז,
פֿון קעלער־שטוב און ביז צום דאַך און קוימען —
דאָס נעדעלע וויל ווערן היינט אַ שפּיז!
דער רידל וויל נישט מער קיין קבר גראָבן
פֿאַר דעם אַליין, וואָס האַלט אים אין דער האַנט, —
זאָל ווי אַ פֿאַנצערשוץ די האַנט אים האָבן
צום גוף באַדעקט מיט שמאַטעס און מיט שאַנד!...

ער קריכט, דער טאַנק, דורך געסלעך, פֿרייכט און צישעט,
די לופֿט איז בראַנד און ברענט זיין גאַנג און בריט,
ער גייט ביי ווענט — די ענגשאַפֿט ווערגט און דושעט,
און אין דער וואַנט — אַ קנויט אין בליי — דער ייד,
וואָס גיט אַ ריס די וואַנט, ווי שמשון אויף די פּלישתים,
מיט שטאָקן און מיט זיך דעם פֿיינט פֿאַרדעקט,
און מענטש און דייטש און ציגל אויסגעמישטע,
און אויפֿגעהויבן־הויך — איין הויפֿן שרעק!
און גלייב, אין דעם גבורהדיקן קראַכן,
אין הילכיקן פֿאַרמיש פֿון לייב און שטיין,
דו הערסט, ווי עמעץ וואָלט אין גסיסה לאַכן,
ווי עמעץ לאַכט צום טויט — צום גליק אַליין...

— — — — — — — — — — — — — —

און ס'איז אַ גאָלדענער אַפּריל געווען,
די לופט צו פלאַנצן — גוטמוטיק און לינד,
די זון האָט זיך געשפּילט מיט יעדן גרעזל,
און דער רוצח — מיטן טויט פון קינד...
און וועט אַ זון־שטראַל פאַלן היינט אויף וועמען —
אָ, זיין זאָל ער אַ חרפה־שמיץ פון בייטש! —
עס זאָל פון שאַנד אויף יענעמס פּנים ברענען,
ווי אונדזער האַרץ אין שטרייט פון מענטש און דייטש!...

אָט זעט די מויערן פאַרחושכט, ווי אבלים,
מיט פענצטער אויסגעריסן, וויסט און בלינד, —
וועט אפשר קענען כאָטש פון זיי דערציילן
דער אַלטער וואַנדערער אויף דרערד — דער ווינט?
ביים ווינט, וואָס הוליעט נאַקעט־בלויז און באָרוועס,
אָ, פרעג, צי קומט ער נישט פון יענער זייט,
צי האָט ער נישט געיאָמערט דאָרט אויף חורבות
אין איינמאָל אַ פאַרשעמטער פרילינגס־צייט?
און האָט ער פון די כאַלעוועס אויף שונאים
דאָרט אונדזער בלוט געזופט מיט פולן מויל —
זאָל ער עס געבן אַזאַ שפּריץ דעם פּנים,
וואָס האָט זיך נישט פאַרשעמט מיט אונדזער גרויל!
פּרוביר, צי טראָגט ער נישט אין זיינע פאַלדן
פון גופים די פאַרקוילטע דעם גערוך,
און אין זיין וואָי — די ווידערקולות פון געוואַלדן,
וואָס רייסן זיך דורך גיהנום־טירן דורך...
און טראָגט ער אונדזער אַש פון לייב און קליידער —
דעם לעצטן זכר אונדזערן אויף דרערד, —
זאָל ער עס געבן אַזאַ שיט און שליידער
אין אויג, וואָס האָט נישט איבער אונדז געטרערט!...

און פרעג דעם וואָלקן, וואָס ער וואָגלט איבער לענדער,
צי קומט ער נישט אַמאָל פון יענער זייט,
צי טראָגט ער נישט אַמאָל אין זיינע לענדן
דעם טשאַד פון הויט און האָר אין פלאַם פאַרדרייט?
צי קומט ער נישט פון פוילן דער מדינה,

וואָס אָנגעטון איז זי אין מענטשן־רויך, —
און טראָגט ער אים פון אונדזערע רואינען
אַן אויפגעהויבענעם ביז הימל־הויך —
זאָל ער אים נידערן אַראָפּ צו מענטשנס בליקן,
אַז אויסעסן זאָל ער ביי זיי די שיין,
און רייסן זאָל ער יענע קעל און שטיקן,
וואָס האָט זיך נישט געשטיקט מיט אונדזער פּיין!...

אָט זעט די וואַנט — פאַרחושכטע אבלים, —
צי וועלן זיי מיין היימס מצבות זיין?
צי מיילן־שטיינער אויפן וועג, צום ציילן
די יאָרן אָפּגעפלאָסן אין געוויין?
אָ, וואַנט מיט פאָרכט און מאָכן נישט באַלאָדן
און נישט באַשפּריצט מיט בלוט פון שאָף און רינד —
געלאָזט פון קרבן דורכן כהן־גדול —
נאָר מיטן בלוט פון עופהלע, פון קינד...
אויף אייך, ווי אויף אַ ריזיקן מזבח,
אַ פייער־קרבן לאָזט זיך ברענגען גאָט,
פון לייבער רויכיקע ער שמעקט דעם ריח,
פון אייגן פאָלקס געביין, וואָס ברענט און בראָט.

אָ, וואַנט... דאָ ליגן דורות אויסגעטויטע... —
ביי זיי האָט זיך דאָס קינד געלערנט גיין,
און שווייגן פלעגט די ליבע אַ פאַרטרויטע
ווי ס׳פלעגט די טויבן־פּאָר אין גזימס פון שטיין...
און אויפגיין פלעגט פון זיי געשעפּטש פון ליפּן, —
און שמרעקן זיך פון זיי — די בעטלער־האַנט,
און צוגעקלעפּט געוועזן איז דער קריפּל
מיט אָפּגעדעקטער, יחוסדיקער שאַנד...
און מי און זאָרג פון זיי איז אויפגעגאַנגען,
פון וואָגשאָל, פון געוויכט ביז מינדסטן לויט,
און פון באַגינען שוין, פון האַמערס און פון צוואַנגען
און פון דער שער קלינגט אָפּ אַ הימן צום ברויט!
אין אָוונטן, פון הייף און סוטערינען
צו וואַנט גייט־אויף די נויט געדעמפּט און הארב,

און שפּורן־צייכנס לאָזט זי ביז באַגינען —
פון יונגער פרייד אויף ווענט מיט בלוט געפּאַרבט...
און כאַטש צומאַרגנס ווערט זי אָפּגעווישט דאָרט —
מען טראָגט זי אויפן האַרץ, ווי אויף אַ טאַץ,
ווי באַטווינס האַרץ אויף אַ צעפּלאַמטן טישטעך,
פון הענט געטראָגן צום טעאַטער־פּלאַץ...

— — — — — — — — — — — — — —

איצט ליגט אַן אויסגעפּלאַקערטס דאָרט דאָס טישטעך,
מיט ווייטער ווידערשיין פון זאַלפן דורכגעשטראַלט,
באַרירט פון ווינט, וואָס אין די חורבות נישטערט
און זינגט אין וויסטעניש דעם אינטערנאַציאָנאַל...
די הענט, די רויט־באַפּאַנטע הענט, און אַלע —
צעשפּרייט אויף שטיקער ברוך אין אַש און קויל,
און ווי אַ שפּיגל איז פּאַרדעקט דער גלאַנץ פון חלף...
און ווי אַ ליכט גייט־אויס די לעצטע קויל...
די הענט פּאַרלאָשענע צום חלל אויסגעצויגן,
נאָר נישט נאָך גנאָד געשטרעקטע צו דער וועלט, —
סיי די, וואָס אין רצועות איינגעצויגן,
סיי די, וואָס איינגעצויגן אין דער קייט...
פּאַרוויקלט האָט זיי דאָרט איין באַנד די וווּנדן,
ווי מאַמעס וויקעלעך אַמאָל אין וויג,
און אַ געפלעכט אַ הייליקער פּאַרבונדן —
פון זיידן גאַרטל און פון טרעגער־שטריק...
פון שוואַרצע טיפן האָבן זיך אַהער געיאָוועט
און אויך אין אים פּאַרפלאָכטן זיך, פּאַרדרייט —
די קייט פון פּאָליש און די קייט פון פּאַוויאַק —
און ס'קלינגט מיט קלאַנג פון שטאָל און גאָלד — די קייט...

די הענט...ווי אויסגעשטרעקט צום לעצטן דאַך וואָס רויכערט,
און נאָכן לעצטן קעמפּער ברעכט זיך איין און קניט. —
פּאַרהילט אין רויט פון פלאַם, פון פּאַן און פון פּרוכת,
צום הימל הייבט זיך אויף דער געטאָ־ייד.

און ס׳גלאַצן העלמען־קעפּ און קענען נישט פאַרפאַלגן
זיין לעצטע שפור אין הימל אויסגעגליט, —
ווייל ערגעץ אין אַ הויכן טורעם־וואָלקן
איז ווייט אַוועק פון זיי דער געטאָ־ייד.

דער דייטשער בליק אים שענדן קען מיט זיין רציחה,
נאָר נישט דעם קבר — מיט די שטיוול־טריט —
אין ווייסע וואָלקנס — ווי אין זויבערע תכריכים —
צו קבורה ערגעץ קומט דער געטאָ־ייד...

און ס׳איז אַ גאָלדענער אַפּריל געוועזן,
געקוועלט האָט יעדעס בלעטל אין באַשאַף,
צום הימל האָט געטייטלט יעדעס גרעזל,
און פונעם פאַרמעט אונדזערן געלייענט דעם כתב.

אויף אים די אותיות וועט קיינער נישט פאַרמעקן,
געשריבן שטייט: פ״נ, ס׳רוט אַ פאָלק. —
נאָר ווו? דו ווייסט צומאָל נישט ווו די הענט צו שטרעקן,
און קברים רייסן קענסטו נישט צומאָל! —
דאָס הארץ נאָר רייסן קענסטו בלויז אויף שטיקער
און רייסן קענסטו דאָרטן יעדן שפּאַן —
ווייל ווו דען פלעגט זי נישט, די ערד, מיט אונדז זיך שטיקן?
און ווו דען איז נישט אונדזער זכר דאָרט פאַראַן?

אַ פרילינגס־רעגן גייט געדיכט און וואַרעם,
מיט בלוט פון טראָטוואַרן מישט זיך אויס,
און וואַשט מיין טויטע היים און איז איר טהרה,
און נאָכדעם קומט אַ רעגנבויגן דאָרט אַרויס;
אַט שפּילט זיך פון דער הייך זיין פאַרבן־וווּנדער
מיט שפּליטער־גלאָז, וואָס קוקט פאַרגלייזט אַרויף,

מיט הענטעלעך פון ספר־תורהס און פון קינדער,
וואָס ווי אַ טענה הייבן זיך צום הימל אויף —
— אָ, גאָט, דיין צוזאָג האָסטו נישט געהאַלטן
און נאָך אַמאָל אַ מבול איבער אונדז געבראַכט —
צי זאָל מען היינט דיין רעגנבויגן האַלטן
פאַר יענער שווערד, וואָס האָט אונדז אומגעבראַכט?
ווייל ווי־זשע קען ער זיין דיין צייכן, ווי־זשע? —
זאָל ער גאָר זיין דיין פייער־רוט פון שפּאָט!
נעם אויך די ביינער אונדזערע און גריזשע,
ווי דיין באַשעפעניש, דער דייטש, געגריזשעט האָט!

דאָס איז אין שיינעם פרילינגס־טאָג די טענה
פון ספר־תורה־הענטעלעך פאַרפלעקט,
מיט קינדער־הענטעלעך פאַרמישט בשכנות,
וואָס האָבן זיך צום הימל אויסגעשטרעקט —
צו אים — וואָס האָט געזען דאָס לעצטע פייער
פון אונדזער לעצטן, ברענענדיקן דאַך,
וואָס האָט געהערט פון עופהלעך דאָס לעצטע שרייען,
שטאָט ווינדעלעך — אין פלאַמען פון דער נאַכט;
צו אים, פון לעצטן פלאַם אַן אָפּגעזעצטער
איז אויפגעגאַנגען אונדזער לעצטער רויך,
און פון קדושים שוין צו אים אַ לעצטער
איז אויפגעגאַנגען דער נשמה־הויך, —
וואָס איצטער קומט ער דאָרטן אין די נעכט צו פליען
און שטעלט זיך אָפּ און יאָמערט אויפן שטויב,
און קען קיין רו געפינען ביז שאַריען
און פלאַטערט אין די חורבות ווי אַ טויב...
די טויב... אָ, ראָבן שוואַרצע, לאָזט זי דאָרט אַ ריינע,
איר ווייסקייט נישט פאַרמינערט, נישט פאַרלעשט!
דאָס קומט זי דאָרט צו פליען אויף די שטיינער,
פאַרהיטן אונדזער זכר, אונדזער רעשט...
און הויך, אַ שטיק לבנה, ווי אַ שופר,
פון הימל רייסט זיך אוים און פליט אַוועק...
— מיין טייבעלע, וואָס וועקט ער דאָרט אַן אויפהער?
די טויטע שטילקייט אינעם טויטן העק?

דעם נביא פרעג, און זאָל ער אונדז אַנטפּלעקן
און זאָל ער זאָגן, ווי אַמאָל,ביים טאָל פון טויט,
צי קען מען אַש, ווי ביינער, אויך דערוועקן
און איבערציען אים מיט פלייש און הויט?...

מיין טייבעלע — אין צער און טרויער איינגעבויגן,
אויף צו געפינען אַ באַשייד איר מי איז גרויס,
און עפּעס זוכן אין דער נידער אירע אויגן —
— ס'איז דאָ אין אַש אַ פונק, וואָס גייט נישט אויס!
פאַרגראָבן ערגעץ אין דער טיף, באַהאַלטן, —
אים האָט קיין לעשנדיקער כוח נישט דערגרייכט.
— זאָל ער מיט דיר, מיין טייבעלע, די שמירה האַלטן,
און אונדזער נאַכט מיט אים באַשימער און באַלייכט!
און נעם אים מיט דיין שנעבעלע פון זיינע טיפן,
און טראָג אים ווי אַ שטערנדל פון דאָרט אַרויס,
עס זאָל זיין ליכט מיט אונדזער בלוט צוזאַמען טריפן, —
און זיין זאָל עס דאָס ליכט פון אונדזער הויז!
און מיט אַ ציטערדיקער, פאָרכטיקער באַרירונג,
אין הערצער לייג אים, ווי אַ דימענטל אין פלוש,
און ווי אַ שטראַל צום אויג, און ווי אויף קליידער — צירונג,
און ווי אויף ספרים הייליקע — אַ קוש.

פּאַריז, מערץ, 1945

# די אייביקע קללה

דאָס איז דאָס ליד פון געטאָ-זון אין טרויער,
געצונדן ווי דער מאַמעס אויפריים-פלאַש,
און וואָס אַ שוועל איז אים געווען די אָפּגעטיילטע מויער
אויף צום אַריבערטרעטן אין זיין היים פון אַש.
הערט אוים! דאָס האָט ער אויסגעטראַכט מיט די געהירן
פון קינדער די צעשמעטערטע אויף ווענט —
ס׳זאָל אָנקלאַפּן ביי אייך אין אַלע טירן,
איר, וואָס דעם שם פון מענטש איר שינדט און שענדט;
וואָס האָט דאָס העמד פון אונדזער הויט געשונדן
און אויך די הויט געשונדן פון געביין.
ס׳האָט אייך נישט איינמאָל אונדזער וווּנד-פלייש אָנגעצונדן
און ס׳האָט נישט איינמאָל אייך געטויט דער האַס אַליין;
נישט איינמאָל האָט ער טרעטנדיק אויף אייך געשפּיגן,
נישט וועלנדיק אייך זען, ווי די שפּין.
זאָל זיין אויף אייער זינד דאָס זון-ראָד ווי אַ זיגל!
נאָר מיידן זאָל זי אייער שלאַנגען-גרוב, די זון!
איר ליכט, וואָס איז דעם קינד, דער בלום געשאָנקען,
נישט טרעפן זאָל דעם וועג צו אייער הייל,
און וועט אַ זון-שטראַל ווען צו אייך פאַרבלאָנקען,
אָ, טרעפן זאָל ער אייך ווי אַ פאַרסמטע פייל!
זאָל די צעשמעטערטע מחשבה פון געהירן
אייך פאַלן אויף די שטערנס ווי אַ קללה-רוף,
ווען איר טוט-אָן אויף אייך דעם גלאַנץ פון אונדזער צירונג
און טוט אַריין אין אייך דאָס בלוט פון אונדזער גוף! —
(אין אייך — דאָס בלוט, דאָס יידישע, נישט ריינע!)
ווען זיין געדעכעניש אייך שוימט און וואַשט,
און ווען איר בייסט מיט אונדזער גאָלד פון ציינער ,
און עסט מיט אונדזער צאָן דאָס ברויט פון אונדזער אַש! —

הערט־אויס דאָס ליד פון געטאָ־זון אין צאָרן,
פון טיפן הארץ־תהום אַרויסגעטרערט —
— עס זאָלן שעמען זיך מיט אייך די קברים
און ס'זאָל נישט וועלן האָבן אייך אין זיך די ערד!
זי זאָל פון אייך די ביינער ווייזן ווי אַ צייכן
פון נישט־פאַרגעבענער און נישט־געשענקטער זינד!
ס'זאָל אויך די קראָ פון זיי אפילו ווייכן
און ס'זאָלן זיך נישט צורירן צו זיי די הינט!...

פּאַריז, מערץ, 1945

## כ׳האָב געזען אַ באַרג...

כ׳האָב געזען אַ באַרג —
איז ער העכער געווען פון מאָן־בלאַן,
און הייליקער פונעם באַרג סיני,
נישט אין טרוים — אויף דער וואָר, אויף דער ערד
איז ער געשטאַנען —
אַזאַ באַרג, אַזאַ באַרג האָב איך געזען
פון יידישע שיך אין מאַידאַנעק.

אַזאַ באַרג, אַזאַ באַרג האָב איך געזען.

און פּלוצלינג, ווי ס׳וואָלט דורך אַ ווונדער געשען,
כ׳האָב דערזען
ווי ער רירט זיך און רירט פונעם אָרט,
און די טויזנטער שיך שטעלן אויס זיך אַליין
צו דער מאָס, צו דער פּאָר,
און אין רייען —
און גייען ...

הערט־אויס, הערט־אויס דעם מאַרש, הערט־אויס דעם היפּען
פון שיך פאַרבליבענע — דעם לעצטן סימן
פון קליין און גרויס, פון קינד־און־קייט.
אַ וואַרע פאַר די רייען, פאַר די פאָרן,
אַ וואַרע פאַר די דורות, פאַר די יאָרן! —
די שיך־אַרמיי, זי גייט און גייט.

מיר זענען שיך, מיר זענען לעצטע עדות,
מיר זענען שיך פון אייניקלעך און זיידעס
פון פּראַג, פּאַריז און אַמסטערדאַם.
און ווייל מיר זענען בלויז פון שטאָף און לעדער —
און נישט פון בלוט און פלייש — האָט יעדער
געמיטן דעם גיהנום־פלאַם.

הערט־אויס, הערט־אויס דאָס אויסגעמישטע טרעטן
פון אַלע גענג: פון רבינס שטיבילעטן,
און שטיוול פּראָסטע און געמיין,
פון פּראָסטע ייִדן, פון קצבים־שינדער,
און פון געשטריקטע שיכעלעך פון קינדער,
וואָס הייבן נאָר־וואָס אָן צו גיין.

מיט קלאַנגען אַלערליי די זוילן רעשן:
געשאָרך פון חתנס געמזענע קאַמאַשן,
דער כלהס לעטשעלעך פון זייד, —
זיי זענען צו דער חופּה נישט דערגאַנגען,
איצט יאָמערן נאָך זיי די חופּה־שטאַנגען,
פאַרלאָזן ערגעץ, אין אַ זייט.

מיר, שיך פון יאַס, פון מונקאַטש און פון אַטען,
וואָס פלעגן גיין צו מערק און צו וואַרשטאַטן,
און גיין בשלום אונדזער וועג,
אין קראָם, פאַבריק, אין קינדער־שול, אין חדר.
איצט גייען מיר — ירושה פון אַ עדה,
וואָס איז פון אונדז אַוועק, אַוועק...

ווייל ס'האָט געביין און פלייש דעם פלאַם געסטייעט,
האָט אונדז דער פייער־פּיסק פאַרזוכט און נישט פאַרדייעט
און אויסגעשפּיגן אין אַ זייט, —
איצט הערט, איצט הערט אין אונדזער זוילן־סקריפּען,
ס'צעשייד־געוויין און דאָס מיליאָנען־כליפּען,
וואָס גייט אונדז נאָך ווי אַ באַגלייט.

מיר, שיך, וואָס פלעגן גיין אין פּאַרק שפּאַצירן,
און חתן־כלה צו דער חופּה פירן,
און גיין אַזוי דור־אויס, דור־איין
אויף שמחות, חתונות, און גיין צו קימפּעט,
און הויך אַ טאַנץ־גיין פול מיט רעש און אימפּעט,
און רואיק אויף לוויות גיין.

ביז איינמאָל אין אַ טרויער־צוג אַ לאַנגן,
אויף אייגענער לוויה שטיל געגאַנגען,
צעשיידט מיט גאַנג פון אַלט און יונג.
ווען לעבן איז אַוועק פון אונדז פאַרבאָרגן,
האָט אונדז דער סם געשווינט און נישט געוואָרגן,
ווייל מיר — אָן האַרץ, אָן קעל, אָן לונג.

אָן אָפּרו גייען מיר און קלאַפּן, קלאַפּן...
ס'האָט נישט באַוויזן אונדז אַריינצוכאַפּן
דער תליון אין זיין רויבער־זאַק, —
איצט גייען מיר צו אים, ס'זאָל יעדער הערן
די טריט, וואָס גייען ווי דער פּלום פון טרערן,
די טריט, וואָס קלאַפּן אויס דעם פּסק.

און הערט, און הערט, ווער ס'פּלעגט אַמאָל נישט וועלן
דערהערן אונדזער גיין דורך טויטן־שוועלן,
איצט הערט, שטאָט־אויס, שטאָט־איין, —
מיר גייען — טויטע אָפּהילך פון אַ לעבן —
מיר וועלן קיינמאָל אייך קיין רו נישט געבן
און גיין, און גיין, און גיין...

1945

## דער טויט פון ר׳ מענדל פון פּאַביאַניץ

צופּוס, מיט דער באַן, אין וואַגאָנען, ווי פֿאַרנדע, פינצטערע קברים;
מיט שרעק און מיט נאַכט אין די הערצער, מיט פּעק און מיט קינדער אויף אָרעמס;

מיט בראָך און מיט אומרו אין בליק און מיט יאָמער און וויינט אין די קליידער —
געצויגן זיך האָט אונטערוועגנס צום אומגליק, צום לאַגער — די עדה.

ווי ס׳וואָלט זיך אַ פינצטערע כמאַרע געשלעפּט, אַ צעפליקטע, צעקלאַפּטע, —
אַ פינצטערע כמאַרע, אַ טריבע, אויף דרערד, מיט געוויין אָנגעזאַפּטע.

וווּ ציט זי דאָס? — ווייסט דען אַ כמאַרע, וווּ זי וועט זיך ערגעץ פאַרהאַלטן?
זי טראָגט זיך אַהין, וווּ עס טרייבן די ווינטן די בייזע, די קאַלטע.

ווי ס׳וואָלט פון געווירבל אַ כוואַליע אַרויס און מיט צאָרן פון תהומען
זי טראָגט זיך אויף דרערד מיט פאַרשטיקטן געברום פון צעזאָטענע שוימען...

אַזוי האָט געשלעפּט זיך די עדה — מיט צאָרן פאַרצוימטן אין שפּאַן איצט,
און צווישן דער עדה געווען איז ר׳ מענדל, דער רב פון פּאַביאַניץ.

געזען, ווי ס׳לאָזט איבער די באַן אָפּגעלאָפענע שטעטלעך מיט קלייטן,
צעטראָטן און ליידיק, וווּ ס׳בלאָנקען די עכאָס פון יאָרן און צייטן.

זי שליידערט פון זיך אי געזאַנג פון מאַשין, אי דעם ניגון פון קלויזן,
וואָס טראָגן זיך ערגעץ אַרום נישט-געשטילט אינעם ווינטיקן ברויזן.

אין שפּאַרע פון ברעט האָט אַ פּאַסיקל טאָג מיט עקשנות געפּלאַטערט,
געפּאַכט מיט געזעגענונג לעצטער אין אויגן פאַרלאָשענע, מאַטע.

געלאָפן צוריק איז אַ ברונעם, אַ וואַסער, אַ לאָנקע, אַ ביימל —
אויף מער נישט באַווייזן זיך שוין און אויף מער זיך נישט אומקערן קיינמאָל.

פאַרשטשעמעט די נאָדל אין לאַץ און פאַרביסן — פון שערן די שאַרפן,
געטרייסט האָבן זיך מיט בטחון: מען וועט זיי געווים דאָרט באַדאַרפן...

מ׳האָט נעמען מכשירים באַפוילן — איז וועלן זיי נוצן מסתמא,
האָט יעדער, ווי צירונג, געהיט אין געפעק ווער זיין זעג, ווער זיין האַמער.

ר׳ מענדל געהאַט האָט אמונה אין האַרץ און אין טאַש — אַ כזית. —
מיט גאָט זיינע הילף צו דערהאַלטן אין גוף די נשמה, דאָס חיות.

אַזוי האָט געשלעפּט זיך דער עולם פאַרוואָגלט אויף וועגן, מרחקים,
ביז ס׳האָט אים די באַן, אויפגעפּראַלט, ווי אומנויטיקס, פון זיך אויסגעכראַקעט.

ווי ערד זאַפּט-איין בלוט, האָט אים איינגעזאַפּט איצטער דער שטח אין צוימען,
פאַרכאַפּט האָט דער פּלאָנטער פון דראָטן די בליקן, צעפּליקט אַלע טרוימען.

אַראָפּגעלאָזט האָט מען מכשירים, צעלייגט פון מלאכה די חשיבות,
ווי וואָלטן זיך רחמים געבעטן ביים גלאַנץ פון די טרעטנדע שטיוול...

עס שטייט אין דער ריי צווישן עולם ר׳ מענדל, דער רב פון פּאַביאַניץ,
אַ שמייכל גייט-אויס אין זיין באָרד, ווי אין חושך אַ ליכטל, אַ קאַניץ.

— איך בעט, יידן, ווענדט ער זיך — ווער וויל מיר ברענגען אַביסעלע וואַסער?
עס ענטפערט נישט קיינער. עס פאַלן אויף יעדן די רייד ווי אַ משא.

— כ׳בעט יידן, כ׳בין גוזר,— האָט איצטער זיין קול זיך פאַרהויבן נאָך העכער.
ביז עמעץ אַוועק איז און וואַסער געברענגט אין אַ זשאַווערדיק בלעכל.

— טרינקט, רבי, זאָל וויל אייך באַקומען... — נאָר עפּעס קוקט יעדער נשתומם:
עס טרינקט נישט דער רבי, ער קוקט אינעם וואַסער אַריין, ווי אין תהומען...

אַט לייכט-אויף זיין פּנים, ווי ס׳וואָלט דאָרט געפונען באַשייד און אַ זינען,
ווי זען וואָלט ער אינעם פאַרזשאַווערטן בלעכל זיך טובלען די שכינה.

ער האַלט עס, ווי פרייטיק צונאַכטס פלעגט ער האַלטן דעם בעכער צו קידוש,
און וואַשט זיך, זאָגט: יידן, זייט וויסן, מיר שטאַרבן, איך זאָג מיט **אייך** ווידוי...

עס כאַפּן זיך אויף די געווערן, ווי הינט פון דער קייט צום פאַרדאַרבן,
עס קוקן זיך איבער די לופּעס מיט אויגן, ווי לעכער פון שאַרבנס.

נאָר ס׳זעט נישט ר׳ מענדל, שוין אָפּגעטון האָט זיך זיין ראיה פון אַלעם —
מיט אויגן פאַרמאַכטע ער שעפּטשעט די תפילה, די לעצטע, פאַר אַלע.

—אשמנו... — עס קלאַפּן אין האַרץ פון ר׳ מענדלען די פאַלנדע קוילן.
— בגדנו... — עס קלאַפּט דאָס פאַרזשאַווערטע בלעכל אין ברוק אינעם הוילן...

ס׳איז ליידיק דאָס אָרט אין דער ריי, וווּ ס׳איז נאָר וואָס געשטאַנען ר׳ מענדל,
און שווער איז אַ יעדן דעם בליק צו דער פינצטערער ליידיקייט ווענדן...

עס דאַכט: די נשמה פון נפטר געשטעלט האָט זיך דאָרטן צוזאַמען —
צו גיין מיט דער עדה אַוועק מיטן וועג פון די העלישע פלאַמען.

# אַ בוים צווישן חורבות

אַמאָל איז אין דער מיט פון הויף אַ בוים געשטאַנען.
געדענקט נאָך ווער, פון וואָס? פון בעז, צי פון קאַשטאַנען? —
וואָס איז אַ חילוק דען? אַבי אַ בוים און — פאַרטיק.
אַבי דער הויף האָט אויסגעזען גאָר שיין, גרויסאַרטיק;
אַבי ער האָט מיט גרינס געפרילינגט און געזומערט, —
און ווייטער האָט זיך קיינער נישט מיט אים געקימערט;
אַבי געווען איז קיל, מחיהדיק זיין שאָטן,
ווען אָן רחמנות האָט די זון געברענט, געבראָטן.
אויף זיינע צווייגן האָבן שכנות וועש געהאָנגען,
עס האָבן ווייבער זיי גענוצט פאַר פּראָסטע דראָנגען.
שטאָט וואַסער האָט מען אים מיט פּאַמאָיעס באַגאָסן —
בתשועות־חן... — אים האָט עס נישט צומאָל פאַרדראָסן.
פאַרקערט, בשלום איז ער מיטן הויף געווען.
בלויז בייז זיין פלעגט אויף אים דער סטרוזש, וואָס מיטן בעזים
געמוזט אַרומגיין האָט אין האַרבסטיק־פייכטן וועטער —
נאָך אים פאַרקערן זיינע געל־פאַרוועלקטע בלעטער...
דערפאַר אין פרילינג אויפגעלעבט דער בוים האָט ווידער:
ווי נאָר די זון האָט אויפגעהערט איר קידער־ווידער —
איז ער שוין, ווי אַ ייִד צום סדר, אָנגעטון אין ווייסן,
פאַרלאָקערט שוין צו זיך די שטיפערס — הויף־קונדסים.
און קינדער יידישע שוין פול אַרום פאַראַנען,
און פריילעך נעמט מען אים אַריין אין ראָדע־ראַנע.
אין מיט פון הויף, אין מיט פון קינדער־קרייזן דאָרטן
ער קוועלט מיט נחת פון אַ זקן אַ באַיאָרטן.

באַגין, דורך אים דער הויף איז אויפגעוועקט געוואָרן
דורך פייגל־לידער, דורך קאַפּעליעס, גאַנצע כאָרן,

ער פלעגט פאַרגיין זיך מיט מתיקות, זיך צעלאָזן
אויף טענער אַלערליי פון פייגל — ווירטואָזן,
וואָס האָבן אָפּגעשפּילט פאַר אַלע פענצטער, טירן,
ביז ס׳פלעגט דער הויף זיך אויסטשוכען, זיך וועקן, רירן.
באַלד כאַפּט זיך אויף אַ העמערל, דעם כאַר העלפט־אונטער,
אַ ניי־מאַשין פאַרהייבט דאָס קעפּל לוסטיק, מונטער.
באַלד קומען לידער אַנדערע אַנשטאָט די פייגל:
אַ ניגון גאַר פון וואָרעמע און פרישע בייגל;
פון קאַטערינקע־קאַסטן אויף איין פוס, אַ לאָמער;
פון פויגל, פונעם גורל־ציער — זיין נשמה.
און אָט געזאַנג פון פאַיאַנס, וואָס מען גיט פאַר שמאַטעס;
פון צינק צעלאָזטן — טעפּ און שיסלען צו פאַרלאַטען, —
פון בלאַע קעסעלעך קטורת־רויך צעפאַכעט,
וואָס לעבן בוים גייט־אויף מיט הייליקער מלאכה;
אָט איז דעם בלינדנס פידל, וואָס זי קען די שטיינער רירן —
באַלד ווערט דער בוים באַשיט מיט גראָשנס אין פאַפּירן.
און אָט געזאַנג פון קונצנמאַכערס אַ חבריא,
וואָס שלינגען מעסערס איין און פלאַמען — שטיקער פייער,
און שפּייען רעגנבויגנס גאַנצע — בונטע סטענגעס,
און לאָזן נאָכדעם אויפן בוים די קליידער הענגען
כדי זיך נאַקעט אויף צעריבן גלאָז צו לייגן,
ווי אויף אַן איבערבעט, און נישט קיין קרעכץ־טון, שווייגן. — — — —

איצט ווו איז ער, דער בוים? ווער ווייסט פון אים דאָרט ערגעץ?
ווער זעט אים צווישן הייזער־חורבות, גאַנצע בערג איצט?
אין טויטן געטאָ דעם פון מויערן פאַרלייגטן,
אין טויטן געטאָ דעם פון טרערן אויסגעווייקטן
וועט קיינער נישט דעם הויף געפינען בשום־אופן —
איין הויפן איז פון הויף. פון אַלע הייף — איין הויפן.
דעם בוים האָט אָפּגעגליקט. געבליבן. אַ פאַרשאַרטער
דאָרט שטייט ער ערגעץ־ווו אין ציגל ביז צום גאַרטל.
באַשערט געווען צו בלייבן אים אין ברוך און שימל,
אַ שפור פון הויף, אַ צייכן צווישן שטיין און הימל.
ווען ס׳האָט דער שונא פון דער הייך דעם דאַך געצונדן —
דער בוים איז אָפּגעקומען בלויז מיט לייכטע וווּנדן.

ווי שנוקעס האָבן די פּראָפּעלערס בייז געוואָרטשעט
און ער האָט איינגעשרומפּן זיך, זיך איינגעקאָרטשעט,
פאַרנומען פון די ווענט דאָס מוראדיקע שיטן.
דער נס האָט אָפּגעהיט. דער טויט — אים אויסגעמיטן.
טייל צווייגן זענען ביי אים אָפּגעזענקט, פאַרסמאַליעט,
טייל זענען אים צעבראָכן, אויסגעקרומטע, קאַליע,
אַראָפּגעלאָזט צו דרערד, פאַרשעמט, אַראָפּגעבויגן,
ווי אויסגעלענקטע פליגל פון אַ קראַנקן פויגל.
נאָר אויף די גוטע צווייגן האָט דער בראָך קיין שליטה, —
דער בוים, ..ווען פרילינג קומט, ווי אַלע ביימער בליט ער.
כאָטש לעבן אים קיין הויז, קיין מענטש, קיין לעבן — קיינער,
און אַרום אים נאָר זענען שטיינער, שטיינער, שטיינער,
און כאָטש אין אָנגעוואַלגער שטייט ער ביז די לענדן
און האָט צו קיינעם נישט צו קערן זיך און ווענדן,
כאָטש אין אַרום איז ער אַן עלנטער — בלויז איינער,
דאָך בליט ער, ווייל ס'איז פרילינג אויך אויף חורבה־שטיינער.

עס שטייט אַ בוים אין חורבות, שטייט ער איינגעבויגן,
נישטאָ קיין ייד אפילו מיט פאַרוויינטע אויגן,
וואָס זאָל אַדורכגיין לעבן אים, זיך דאַרפן קוויקן
מיט זיינע קילע שאָטנס, ווען די היץ נעמט שטיקן.
אַ פייגל־פּאָר האָט זיך אַריינגעקליבן נעכטן
צו אים. פון חורבן־שטויב אַ נעסט געגומען פלעכטן.
באַגינען זינגען זיי, כאָטש ס'הערן בלויז די שטיינער,
זיי זינגען ווי אַמאָל, כאָטש ס'וועקט זיך מער נישט קיינער...
קיין שטיפערס קומען זיך נישט מער צום בוים באַווייזן
און אים אַריינגעמען אין ראָדע־ראַנע — קרייזן.
וואָלט כאָטש אַ קינד געווײנט, — געוויין איז אויך אַנטשוויגן.
בלויז דאָ און דאָרט מען טרעפט אַ קינדער־שיכל ליגן.
און ס'דאַכט, נאָך האַלבער נאַכט, פון אַלע וויסטע העקן
זיי קומען, שטיל — דעם בוים נישט אויפצוּוועקן —
זיי נעמען זיך צונויף, די שיכעלעך, און שפּאַנען
און נעמען אָן זיך אין אַ קרייז — אין ראָדע־ראַנע.
עס שטייט דער בוים אין מיט — אַ זקן אַ פאַרוויינטער. — — —
נאָר ווען ס'שאַריעט — ווידער אין די בליטן שיינט ער.

ס'איז פרילינג , און ער בליט! און בלויז די טויטע צווייגן
זיי זענען טויט און בליען נישט, אראָפּגעלאָזט אין שווייגן.
די פייגל־פּאָר זינגט־אויף באַגינענדיק, טשיריקעט,
כאָטש ס'הערט נישט קיינער — זי פאַרגייט זיך אין מתיקות.
און ס'קוקט דער הימל: סאַראַ וווּנדער, סאַראַ שיינער —
עס שטייט דער בוים אין צווייט און צווישן חורבה־שטיינער!

# דער ניגון פון מיין טאַטנס ניי־מאַשין

אַ ניי־מאַשין איז ביי מיין טאַטן געווען,
איך קען בשום־אופן נישט וויסן זינט ווען,
ווייל ווי כ׳האָב די ליכטיקע שיין נאָר דערזען
איז זי אין דער היים שוין אַ תושב געווען.
משמעות, מיין טאַטע האָט זי שוין פון לאַנג
באַקומען אין נדן, צו דרשה־געשאַנק.
איך וויים נאָר דאָס איינע: איך האָב זי דערקענט
צוגלייך מיט מיין מאַמעס פאַרוויגנדע הענט,
איך וויים נאָר, איר ניגון פאַרנומען האָב איך
צוגלייך מיטן ליד, וואָס פאַרוויגט האָט מען מיך.

ווי גוט איז געווען אונדז מיט איר געזאַנג,
ווען פריילעך געטאַנצט האָט די נאָדל, די שטאַנג,
און שטאָפּן געוואָרט האָבן, באַרכנט און טוך,
אַז זי זאָל זיי טון מיט די ציין אַ פאַרזוך.
אַוועק זענען קליידער אַ טוץ נאָך אַ טוץ
מיט לידער פון בולבעס, פון האָפנונג און גוטס,
וואָס האָבן מיט איר אין געזאַנג זיך פאַרהערט.
„דריי נייטאָרינס" פרצעס האָט מען געהערט,
דאָס ליד פון מיין עלטערער שוועסטער, וואָס מ׳האָט
אין שטעטל געברענגט און עס האָט אינעם ראָד
פון אונדזער מאַשין זיך פאַרפּלאָנטערט, פאַרדרייט,
געציטערט אין נעט פון אַ יעטוועדן קלייד.

ווי ס׳האָט זיך אין שטעטל דער ווינטער געשטעלט,
אַוועק איז די ניי־מאַשין איבער דער וועלט,
אין דערפער אין וויטע געשלעפּט זיך אַזוי,
פאַרלאָדנט אין פויערשע וואָגנס, אין שטרוי,

מיט טלית און תפילין, מיט אייזן און שער,
און מילכיקע לעפל און טעפּ, ווי ס׳געהער.
אַזוי האָט זי גאַנצע געזינדן באַקליידט,
די דערפער אין וואָרעמער וואַטע פאַרנייט.

ווי אומעטיק איז אונדז געווען אָן איר קול
ווען שווייגן, אָן אַרבעט, פלעגט זי ווען אַמאָל.
געשטאַנען איז זי אין אַ ווינקל אַליין,
די נאָדל פאַרחלשט, פאַרהאַקט אין די ציין.
אַ נאַקעטע שטייט אין אַ זייט די „פיגור",
מען מעסט אויף איר גאָרנישט — פון אַרבעט קיין שפור,
עס גיט איר נישט קיינער קיין גלעט, נישט קיין ריר,
מען הערט נישט קיין סקריפּ, נישט קיין פּיפּס-טון פון איר.
עס שווייגט די מאַשין — און עס שווייגט דאָס געזאַנג,
עס שווייגן די טעפּ אויף דער קיך — שלינג-און-שלאַנג,
עס פּייפּט נישט דער טשייניק, עס קנאַקט נישט דער קין. — —

ביז איינמאָל געטראָגן מ׳האָט אונדזער מאַשין
אין דרויסן אַרויס, ווי אַ מת, און מ׳האָט איר
פאַרפּאַקט אין אַ וואָגן, מיט פּעק און געשיר,
מיט קינדער, מיט עופות. דורך נאַכט און דורך פראָסט
עס האָט די מאַשין זיך נאָך וואַרשע געלאָזט...
אַראָפּגעשטעלט האָט זי אַ פּוס אויף אַ הויף
פון מוראַנאָוו ערגעץ, אין טומל, אין לויף,
און דאָרט אין אַ קעלער-שטוב איז זי אַראָפּ,
פאַרשעמט, ווי אַ יורד, געזונקען דעם קאָפּ.

וואָס זעט זיך ביים מוראַנאָוו אָן אַ מאַשין?
איז מילא, געקומען נאָך איינע אַהין.
עס דרייען זיך רעדלעך, איז דרייט זיך נאָך איינס
אין קעלער, וווּ קאַרג איז און שפּאָרזאַם די שיין;
וווּ ס׳בעט איז אַ טיש און אַ טיש איז דאָס בעט
און ס׳לויפן, ווי שליאַכן, אויף שטאָפן די נעט,
אַ קאַנט יאָגט אַ קאַנט, ווי אַ וועג נאָך אַ וועג,
מיט זיי לויפן טעג און חדשים אַוועק,

די ניי־מאַשין עלטערט זיך, יערט זיך אין נויט,
עס פּלאַצט און עס רינצלט איר גלאַנציקע הויט,
באַדעקט איז איר קאָפּ שוין מיט זשאַווער און צייט,
דער קאָפּ פון מיין טאַטן — מיט זילבערנעם זייד, —
דאָך אַרבעט זי ווידער, דאָך שטייט זי ניט אָפּ.
מיט בוימל דערמינטערט, דערוועקט איז איר קאָפּ.
מ׳לייגט־אונטער איר ציוועקעס, ווי אייער אַ הון,
און ווידער געטון, נאָר געטון, נאָר געטון,
און ווידער געאַרבעט, גענייט און געשטעפּט,
מיט כוחות די בידנע איר עלטער דערשלעפּט.
מיין שרייב־טיש נאָך זיין איר געווען איז באַשערט,
ווען מ׳האָט מיינע לידער די ערשטע דערהערט...
זי האָט זיך אויף צייטן פון אומגליק דערוואַרט. — — —

זי איז אינעם געטאָ מיט יעדן פאַרשפּאַרט.
עס פירט זי מיין טאַטע אין דייטשישן שאָפּ,
אַז ראַטעווען, אויסקויפן זאָל אים איר קאָפּ,
אַז לינדערן זאָל זי דער מאַמען די נויט,
ווו ס׳ליגט — אַ דערוואָרגענער פויגל אין קויט —
דאָס פרעס־אייזן, אומנוציק, זשאַווערדיק, שטום,
און ס׳וואַלגערט אין הויף די פיגור זיך אַרום
מיט ריפּן צעפּליקטע. זי ליגט מיט אַ מת,
וואָס אויסגעקוקט האָט ער דעם טויט ווי אַ נס.

וואָס האָט נישט די ניי־מאַשין אַלץ שוין גענייט?
פון לייוונט, פון סאַמעט, פון אַטלעס און זייד;
פון שפּענצערס און העמדער פון היימישן ליין;
פון קליידעלעך קורצע פול קינדערשן חן;
פון אויסשטייערס צאַרטע און שלייערס פון טיול
און שפּיצן פול צניעות און פליטערלעך פול.
איצט ווייי דער מאַשין, וואָס זי שטעפּט, וואָס זי נייט, —
בגדים דעם מלאך־המות פאַרגרייט.
עס שווינדלט די גרינקייט פון טמאן געוואַנט,
עס קען מער קיין אַנדערע פאַרב נישט די האַנט.

די נאָדל פאַרביסן אַ גיפּטיקע שטעכט,
אַזש ס'איבלט דער ניי־מאַשין, שטיקט זיך און ברעכט
מיט גרין פון געוואַנט, ווי מיט גרינקייט פון גאַל,
ביז איבערגעפולט איז געוואָרן דער זאַל,
און מ'האָט אַ באַפעל איר געגעבן: גענוג! —
אין אומשלאַג־וואַגאָן זי געטון אַ פאַרוק.
פאַרלאָדנט נאָך איינמאָל מיט מענטשן און פעק,
און מיט טאַטע־מאַמע נאָך איינמאָל אַוועק...

זי שטייט אינעם פינצטערן, ענגן וואַגאָן.
קיין ליכט איז נישטאָ — זי באַגייט זיך דעראָן.
און ווייל דער מאַשין וואָס זי דאַרף נישט קיין שיין,
וואָס האָט נישט קיין ראיה אויף צוזען די פּיין,
און ווייל דער מאַשין וואָס זי איז אַ מכשיר,
דער שטיקנדער קאַלך האָט קיין שליטה אויף איר.
עס רירט זי קיין בלוט נישט, זי פילט נישט קיין טרער.
און ווייל דער מאַשין, וואָס זי האָט קיין געהער
צו הערן די ווידוי, דאָס קריצן פון ציין,
דאָס וואַנזין־געלעכטער, דעם קרעכץ, דאָס געוויין.
זי פאַרט קיין טרעבלינקע. זי טראָגט זיך אַצינד
דורך היימישע דערפער מיטביימער און הינט,
ווו פאָרן פלעגט זי אין די ווינטערס פאַרשנייט,
געזיינדן אין וואַרעמער וואַטע פאַרנייט. —
איצט פירט איר אײך אַרבעט די תפיסה — דער צוג,
מיט שנײדערס צוזאַם אונטער דייטשן באַטרוג.
מען טראָגט, ווי אַ חולה, פון באַן זי אַראָפּ,
מען פרווט־אוים מבֿיניש, דעם שטאָל פון איר קאָפּ.
און מ'האָט זי מיט שניידערס אויף שטענדיק צעשיידט.

און איצטער, קען זיין, אַז פאַרוואָגלט זי שטייט
געפאַנגען אין אומריינעם לאַנד פונעם ריין,
פאַרמישט איז איר ניגון מיט שטילן געוויין,
און ס'בריט זי פון דילן דאָס פיינטלעכע ברעט,
אַן אומריינער פוס דעם פעדאַל אירן טרעט

און טרעט אויף די יאָרן, די טעג און די נעכט,
די איינציקע שפּור פון מיין היים־שטוב פאַרשוועכט. —
זי שטייט אַ פאַרלוירענע, עלנט און פרעמד,
אַ פיינטלעך געהער איר געניי דאָרט פאַרנעמט —
דאָס איינציקע, היימישע קול אויף דער ערד,
דאָס היימישע קול, וואָס איך וואָלט איצט געהערט;
איך וואָלט זיך געשטעלט לעבן איר, אויף איר ברעט,
און ווי פאַר אַ קרובה — פון האַרץ אָפּגערעדט,
און אויסגעפרעגט וואָלט איך זי לאַנג, נאָכאַנאַנד,
פון אַלץ, וואָס געווען איז מיר ליב און באַקאַנט...

און אפשר גאָר שטייט זי פאַרלאָזט און אַליין
אין פעלד, אין דער וויסט פון פאַרלאָשן געביין,
דאָרט צווישן פאַרבליבענע קופּעס מיט שיך
— אויך די, וואָס געיאָגט איר געניי האָבן גיך... —
און אַלערליי חפצים געשווינטע פון פלאַס,
וואָס טוליען זיך איינס צו דעם צווייטן ביי־זאַס,
און רעשטן פון קליידער, פון מענטשלעכן לבוש,
פון לייוונטן גראָבע ביז איידעלן פלוש
— אַזעלכע אויך, אפשר, וואָס זי האָט געשטעפּט —
און בייגן זיך איינס צו דעם צווייטן, ווי קעפּ
פון טונקלע געשטאַלטן, פאַרשטאַרט אין געהאַרך,
און באַלד גאָר געגייגט אין געשעפּטש און געשאַרך.
און ס'שטרעקן פון אַרבל זיך קנאָכיקע הענט,
ווי וואָלטן אין רחמים צו איר זיך געווענדט,
געשטערקט זיך פון קליידער דאָרט אַלעראַליי
און איר אַ באַפאַל און באַפעל געטון: ניי!

און ס'קומען צו שלייכן זיך שטיל און בסוד
ביינאַכטיקע ווינטן און דרייען איר ראָד,
און רופן צום ניגון צום אַלטן זי אויף,
זי קריצט מיט די ציין די פאַראָסטע אַרויף,
קריצט־אויס אַ געשריי פון פאַרלאָזטקייט און שאַנד
און לעכערט דעם הימל — דאָס בלאָע געוואַנט.

פון רעגנס פאַרגאָסן, אין וואַסער, אין נעץ,
זי שטייט אַ באַדעקטע מיט זשאַווער, ווי קרעץ.
און ווי אַ פאַרפּייניקטער נביא אין קויט,
וואָס שטייט איבער חורבות, פאַרלענדונג און טויט,
— נאָר וואָס אַלץ זיין ליכטיקער בליק נישט פאַרלעשט —
זי שטייט אויפן באַרג פון פאַרבליבענעם רעשט,
איר ניגון גייט-אויף ווי אַ מאָנונג און רופט
און רייסט דאָרט אויף שטיקער דעם הלל, די לופט.
און שטערנדלעך פאַלן פון הימלישן רונד
און קושן איר אויס יעדע קרעציקע וווּנד,
פאַרדעקן דעם זשאַווער און לינדן דעם וויי
און פאַלן ווי פליטערלעך צו צום געניי.

פון הייליקער קופּע, פאַרהויבן און שטום,
פון טויזנטער ברילן, וואָס קוקן זיך אום
מיט בליקן — פאַרלאָשן, שוואַרצאַפּלען — פאַרגלייזט —
די ראיה גייט-אויף ווי אַ ליכטיקער גייסט —
און לייכטן איר צו צום געניי, צום געשטעפּ,
און הייבן זי אויף ווי אויף שטאַפּלען, אויף טרעפּ.

באַגלייט פון די ליכטער, פאַררינגט און פאַרקרייזט,
זי טראָגט זיך מיט אימפּעט אַלץ העכער און שפּרייזט,
און כ'הער אומעטום איר פאַרזשאַווערטן קול,
דאָס אַלטע, דאָס היימישע קול פון אַמאָל,
וואָס זאָגט מיר: „דאָס קול פון דיין מאַמען דערקאָן".
און ס'קוקן די טויזנטער ברילן מיך אָן,
באַשווערן דאָס האַרץ מיינס פון צאָרן צעגליט:
א י ר נ י ג ו ן ז אָ ל א י י ב י ק פ אַ ר ב ל י י ב ן ד י י ן ל י ד.

# באַלאַדע פון אַלטן חנוכה־לאָמפּ

גוועזן איז אין פוילן אַן אָרעמער ייד
— נישט איינער גוועזן איז אַפּנים —
געוועזן אין שטעטל דער איינציקער שמיד,
מיט שמידער־געזעלן — די בנים.

ווי נאָר פון די שטערן פלעגט אויסגיין די שיין
האָט ער שוין דאָס פייער געצונדן.
דער טאָג קומט ערשט קוים אין דער קוזשניע אריין
מיט ווינט מיט באַגינענדיק־לינדן.

צוגלייך מיטן קריי פון די הענער האָט ער
מיט אַרבעט, מיט קלאַנג פון מכשירים
די געגנט געוועקט, די שאָסייען, די ערד,
צעעפנט פאַרשלאָפענע טירן.

ס׳איז פינצטער אין קוזשניע. דאָס איינציקע ליכט
גייט־אויף פונעם בלאָזאַק געלאַסן,
ס׳גייט־אויף, ווי אין הייליקער שיין, זיין געזיכט
אין גאָלדענע פונקען — מיליאַסן;

דאָס איינציקע גאָלד וואָס דער שמיד האָט פאַרמאָגט, —
די פונקען מיליאַסן — עשירות,
און ס׳גאָלד פון קאַיאָרן, דעם אויפגאַנג פון טאָג,
און שווייסיקן גלאַנץ פון זיין שכירות.

חוץ גאָלד פונעם פלאַם און חוץ גראָשענעם קלאַנג
געהיט האָט דער שמיד, ווי קדושה,
אַ מעשענעם חנוכה־לאָמפּ, וואָס פון לאַנג
האָט ער אים געהאַט בירושה.

מען האָט שוין אַמאָל אין אַ צרה פאַרזעצט
אַ מלבוש, דעם זילבערנעם בעכער,
נאָר אים האָט מען שטענדיק געשווינט און געשעצט
פון יעטוועדן חפץ אַלץ העכער.

מען האָט יעדעס יאָר אים מיט קרייד אויסגעפּוצט,
צום יום־טוב אויפסניי אויפגעריכטעט,
ער האָט מיטן אָפּשיין פון קנויטן געבליצט,
מיט אָפּשיין פון אַלטע געשיכטעס.

ס׳פאַרלעשן זיך דורות, נאָר ס׳לייכט אַלץ די שיין,
די פלעמלעך זיך בייגן, פאַרטרויען, —
דערציילן די מעשיות יאָר־אוים און יאָר־איין
פון העלדישע זין — חשמונאים.

און פריילעך געווען איז ביים שמיד יעדעס יאָר
ווען פראָסט האָט די שויבן פאַרצויגן,
ס׳איז ליכטיק אין שטיבל אָן דאגות, אָן זאָרג,
און ליכטיק איז אים אין די אויגן.

נאָר איצטער איז פינצטער דער חנוכה־לאָמפּ
אין חנוכה־יום־טוב אין סאַמען —
דער דייטש איז אין שטאָט און ס׳איז שטאָט אַ תהום,
עס לייכטן בלויז דייטשישע פלאַמען...

עס לייכט נישט דער חנוכה־לאָמפּ, ווייל אויף שטאָט
איז פינצטערער גזר און גזרה,
און מוחל זיין, טראַכט זיך דער שמיד, ווער אים גאָט,
פאַרגעבן דאָס מאָל די עבירה.

נישט לאַנג איז אַרוים אַ גזרה אויף שטאָט,
געחתמעט פון טייוול דעם גרינעם —
„באַפעל צו די יידן, צו יעדן וואָס האָט
מעטאַלן פון אַלערליי מינים, —

דער דאַרף דאָס אין משך נאָך פונעם מעת-לעת
אין קאָמאַנדאַנטור אַליין ברענגען,
און ווער עס וועט עובר זיין אויפן געזעץ
דערוואַרט יענעם טויט-שטראָף דורך הענגען."

איז ווער עס האָט לייכטער און ווער ביי דער טיר —
אַ מעשענע קליאַמקע, אַ הענטל,
און ווער ס'האָט אַ מערזשל און ווער — אין געשיר —
אַ קופּערנעם ראַנדל, אַ פענדל —

אַ מעשענעם חנוכה-לאָמפּ האָט דער שמיד
פון דורות געהאַט בירושה,
וואָס יאָרן האָט ער אים געשוינט און געהיט,
געהאַלטן אים ריין ווי קדושה.

איצט דאַרף מען צעשיידן זיך, האָט ער געטראַכט —
ווי ס'אייזן געגליט האָט זיין פּנים —
און האָט זיך געישובט ביז שפּעט אין דער נאַכט
מיט זיינע געזעלן — די בנים.

געטענהט, געשאָלטן, געכעסט זיך, געהיצט:
—דאָס ערגסטע — זיי ברענגען אַליין נאָך!...
זיין בליק, ווי דער בלאָזאַק, האָט פונקען געשפּריצט:
—אַ רוח... אַ קרענק אין די ביינער!...

בשתיקה מיט בנים, איינדרויסן, ביים פּלויט.
דער רידל זאָגט שאַרף: איך בין עובר! —
דער חנוכה-לאָמפּ צו דער ערד איז פאַרטרויט,
זיין מעשענע שיין איז מען קובר.

איז פינצטער ביים שמיד, ס'איז פאַרלאָשן די זון,
ס'איז נאַכט אין די הערצער ביי יידן.
דער שמיד מיט די בנים אין קוזשניע פאַרטון,
ווי פריער, זיי קלאַפּן, זיי שמידן.

קיין היימישער סום קומט שוין מער נישט צו גאַסט,
אים אויסשטרעקן שלום-עליכם;
דערלאַנגען אַ פּוס, אַז דער שמיד זאָל, ווי ס׳פּאַסט,
באַשוכן מיט פּאַדקעוועס גלייך אים.

בלויז דייטשישע פערד אין דער ריי אויסגעשטעלט,
טייוולאָנים, און פלינק ווי די אָדלער,
עס הירזשען די פערד און דער פעלדפעבל שעלט, —
די קולות אים שטעכן, ווי נאָדלען.

פּאַריסן דער פעלדפעבל פּאַכט מיט דער רוט,
דער פערדישער עק פּאַכט מיט העזה,
און הייסער צעזידט זיך אין יונגען דאָס בלוט,
מיט בייזער צעברומט זיך דער בלאָזאַק...

אין דייטשישע פערד לאָזן האַמערס זיך שווער
פון הענט פון די צאָרנדיק-שטייפע,
עס שלאָגט זיי דער שמיד, גלייך ווי שלאָגן וואָלט ער
אין דייטשישע קעפּ אין די טריפה.

ער שלאָגט יעדן טאָג מיט אַלץ גרעסערן האַסט,
עס וואַקסט יעדן טאָג אויס די צוואה.
און ס׳קומט יעדן טאָג צו דער קוזשניע צוגאַסט
געלאַסן, מיט פּאַרזיכט, צום טויער —

אַ טויבן-פּאָר, קומט צו די שמידער אַהער
מיט אייגעלעך — שטיקעלעך תמימות,
און קערנדלעך זוכט זי, וואָס ס׳לאָזן די פערד —
מפרנס צו זיין זיך בנעימות.

אוים פּאַרזיכט גייט פריער דער ער פּאָר דער זי,
אין ישוב-הדעת, אין באַקלערן.
עס וואָרקעט דער בלאָזאַק, ס׳פּאַרלאָקערט דער גלי
מיט פונקען, ווי גאָלדענע קערן...

און טייבעלעך האָבן קיין מורא נישט מער
פאַר מענטש, פאַר געראויש און האַרמידער,
ביז קומען אין קאָזשניע אַריין אומגעשטערט,
זיך שטעלן אויף הענט פון די שמידער...

נאָר טייבעלעך, ווער האָט זיי איצטער אין זין?
ווער שפּילט זיך דאָס איצטער מיט זיי דען?
ווער הערט זייער וואָרקען אין שטילן באַגין,
אַז ס'הערט זיך דער קרעכץ בלויז פון יידן?

דורך קלאַפּן פון האַמערס, דורך הירזשען פון פערד
אַ קללה דער שמיד גיט אַ צישע —
ס'האָט שטאָט היינט מיט אימה אויפסניי שוין געהערט
אַ נייע גזרה, אַ פרישע. —

מען רופט־אויף דאָס שטעטל, סיי גרויס און סיי קליין,
אין מאַרק מאָרגן פרי זיך צו שטעלן,
אויף אַרבעט צו פאָרן, אין גלות צו גיין,
פאַרלאָזן די היימישע שוועלן...

געטראַכט האָבן שמידער מיט פאַרזיכט און חשד:
אויף אַרבעט... — די זקנה און ס'זויג־קינד,
וואָס נעכטן ערשט האָט עס די מאַמע געהאַט...
אויף אַרבעט... — דעם בלינדן, דעם הויקער...

אַ ישוב דער שמיד מיט די בנים זיך האַלט,
ביז שפּעט די מסיבה אַלץ וואַך איז, —
— צום וואַלד... — עצהן יונגעו, וואָס זענען מיט וואַלד
און דרכים געהיימע יד־אחת...

אַ ברום לאָזט דער שמיד אין דער פינצטערער באָרד:
— דאָס ערגסטע — זיך שטעלן אַליין נאָך!... —
און האָט זיך אַ ריס־געטון גלייך פונעם אָרט:
— אַ רוח... אַ קרענק אין די ביינער!...

מיר ציען... איר הערט, קינדער, ווי כ'בין א ייד!
נאר וואס־זשע וועט זיין מיט מיין נדר:
דער חנוכה־לאמפ ווערט מיט מיר אפגעהיט
ווו כ'קער זיך און ווענד זיך?... נאר איידער

פארזונקען זאל ער אונטער קויל פון די ווענט —
געברומט האט זיין בארד איצט נאך שטארקער —
זאל ער זשע אונדז נוצן מיט וואס נאר ער קען,
און נעמט אים ארויס פון זיין קרקע!... — — —

געקלאפט האבן האמערס אין לעצטן באגין,
דער שמיד — זיך אין קוזשניע געפארעט,
געשארפט און געשליפן דאס מעשווארג אויף דין,
ווי גבורה — דער לייב אין זיין נארע.

א לעצט מאל דאס פייער — פאר אים האט געברענט;
דאס מעשווארג געגלעט און געפארמעט,
און ס'האבן די יונגען, מיט גאלדענע הענט,
מיט שרויט און מיט האס אים געקארמעט...

און נאכדעם די קוזשניע פארקלאפט אין דער ברייט
מיט ברעטער געקרייצטע — פארשטראכן,
געלאזט זיך מיט שטעגן פארקרומט, אין א זייט,
צום וואלד — דורך פארבארגענע דרכים.

דער וואלד לאזט אראפ יעדע צווייג: זייט געבענטשט!
מאכט פריינטלעך זיין קבלת־פנים, —
געקומען דער מענטש איז באשיצן דעם מענטש,
געקומען דער שמיד מיט די בנים.

פון ערד און פון שטאמען עס שמעקט און עס דופט
מיט קרייטעכצער, פעך און מיט בשמים,
און שארף זענען ריחות און שארף איז די לופט,
און שארף — דאס געווער פון נקמה, —

פאַר שטעטלשן מאַרק — אַ מזבח אין קויט —
וואָס וואַקסט־אָן, געטריבן פון אכזר.
ווער ס׳קומט מיט אַ טלית און ווער מיט אַ ברויט,
ווער מיט אַ יום־כיפּורדיק מחזור;

ווער ס׳קומט מיט אַ טעפּל פאַרפּולט מיט געוויין —
דאָס לעצטע געקעכץ פון די קיכן.
אַ קינד דריקט אַ ליאַלקע צו זיך מלא חן,
אַ זקנה — איר פּעקל תכריכים.

אין שמאַטעס און אַטלעס, אין טייערסטן קלייד, —
עס גייען שבתים און וואָכן,
עס גייען צוזאַמען די קלויז און די קלייט,
צוזאַמען דער נאַר און דער חכם.

דער שטעטלשער מאַרק איז צו קבורה געגרייט,
אַ ריזיקע מיטה דער פּלאַץ איז,
דער הימל — אַ טויטנטוך, און ביי דער זייט —
די מלאכי חבלה — די נאַצים. — —

ס׳איז ליידיק דאָס שטעטל, פאַרלאָזט יעדע טיר.
עס וויינען נאָך טריט אַלע שוועלן.
די טויבן־פּאָר קומט אין איר טעגלעכן פלי,
ביים טויער פון שמיד זיך צו שטעלן.

ווי נעכטן, די טויבעלעך קומען־צו שטיל
און שטוינען: ווי אַלץ איז פאַרלאָזן...
פאַרקלאַפּט איז די קוזשניע, דאָס אייזן איז קיל,
פאַרלאָשן דער אָטעם פון בלאָזאַק...

און קוקן, ווי וואַלטן פאַרבלאָנדזשעט אין וועג,
ווי וואָלטן דאָס אָרט נישט דערקענען,
און וואָרקען פאַרוווּנדערט, ווי וואָלטן געפרעגט:
ווו זענען די שמידער? ווו זענען?...

און גיבן מיט זילבערנע פליגל אַ פּאַך
און גורטן זיי אָן מיט גבורה,
און פליען אַוועק איבער שטעטלשן בראָך,
אויף דעכער און קוימענדלעך — שורות,

ווו ס'ווייסן שוין מער נישט די טעפּ פון קיין זעט,
ס'ווייסט מער פון קיין רויך נישט דער קוימען,
עס ווייסט נישט פון רו און פון שלאָף מער דאָס בעט,
און ס'קישן — נישט פון קיין חלומות.

עס ווייסן די לאָמפּן נישט מער פון קיין ליכט,
ס'ווייסט מער נישט די וואַנט פון קיין שאָטן,
עס וועגט נישט די וואָגשאָל, ס'איז גרינג דער געוויכט,
זיין חשיבות — אין מיסטן פאַרשאָטן.

עס שרעקן די שדים שוין מער נישט דאָס קינד,
אָן עופּהלעך וויינען די וויגן,
עס וואַרפט זיך אַ ספר, עס מישט אים דער ווינט
און ירשנט זיין איינזאַמען ניגון;

ער צאַרנט, געפינט נישט קיין רו, אומעטום
ער שווידערט צופוסנס די שוועלן,
און ס'בלאָנקען די הינט פאַר די יאַטקעס אַרום
און וואָיען פאַר שרעק און פאַר עלנט.

און שטיל איז אין שטובן, די וואַנטזייגערס — שטום,
דעם חשבון פון צייט שוין פאַרגעסן.
עס שפּרינגען די מייז בלויז אויף טישן אַרום
אָן מורא פאַר קיינעם, בפרהסיא...

און טייבעלעך פליען פון דעכער אַוועק
און טרעטן נישט אָפּ פון דער קוזשניע
און וואָרקען, ווי וואָלטן געמאָנט אַלץ, געפרעגט:
איז ווו זענען שמידער היינט? ווו-זשע?...

אוי, טייבעלעך, פרעגט ביי די ווינטן פון וואַלד,
און פרעגט ביי דער שיין פון לבנה, —
ווו זענען אין שטרייט צווישן וואַלד און געוואַלד,
ווו זענען דער שמיד מיט די בנים? —

ווו ס'פלאַקערט פון ווייטן דער פעלד־האָריזאָנט,
זיין חנוכה־לאָמפּ איז זיך נוקם,
זיין מינדעסטער שפּליטער אַ חשבון דאָרט מאָנט
פאַר היים, פאַר זקנה, פאַר זויג־קינד.

אין ברוך, צווישן בריקן צעבראָקטע און טרעפּ,
וואַגאָנען צעטרענט און צעטרייבערט,
עס פרעגלט די זון אין די העלמען, ווי טעפּ,
די רעשטן פון רוצחישע לייבער.

און דאָרט, ווו דער שונא אין טייכן זינקט־איין,
פון גאווה אין זומפּ און בזיון —
די שפּליטערס דערציילן יאָר־אויס און יאָר־איין
פון העלדישע זין — חשמונאים.

ווו ס'ליגט די פגירה צעשליידערט אין פליין,
וואָס ס'מיידט־אויס אפילו די וראָנע, —
די שפּליטערס דערציילן יאָר־אויס און יאָר־איין
פון פשוטן שמיד מיט די בנים.

## וויג-ליד 1943

מײַן קינד, איך וועל דיר איצט אַ וויג-ליד זינגען,
אַזאַ, וואָס מ׳האָט נאָך קײנמאָל נישט געהערט
זינט ס׳האָט אַ וויג-ליד ערגעץ אָפּגעקלונגען
און זינט עס שטייט אַ וויגעלע אויף דר׳ערד.
דײַן וויגעלע בין איך אַליין, מײַן צירונג,
וואָס לעשסט זיך אויס נאָך אײדער דו גייסט-אויף,
און אײדער האָסט דערקענט מײַן האַנט-באַרירונג
פאַרוויג איך דיך אין זיך צום לעצטן שלאָף.

איילולו, מײַן וווּנדער נישט-געשעענער,
איילולו, מײַן יום-טובדיקע רו,
איילולו, מײַן נחת, נישט-דערזעענער,
איילולו, מײַן לעבן,
איילולו.

ס׳זאָל דאַרפֿן זײַן דײַן אויסגעשריי דער ערשטער —
פֿאַר אימה — גלייך פֿון מאַמעס אײַנגעווייד,
דײַן ערשטער טאָג — ביים תליון אַ באַהערשטער,
דײַן ערשטע וויקל-שנור זאָל זײַן די קייט;
דײַן ערשטע היים זאָל זײַן פֿון שטעכל-דראָטן,
און ס׳זאָל דײַן ערשטער צודעק זײַן — די שאַנד, —
האָב איך פֿאַרדעקט דיך מיט מײַן גוף דעם נאַקטן
און שיק דיך אָפּ אין ווייטן טרוימענלאַנד.

איילולו, מײַן וווּנדער נישט-געשעענער,
איילולו, מײַן יום-טובדיקע רו,
איילולו, מײַן נחת נישט-דערזעענער,
איילולו, מײַן לעבן,
איילולו.

אויב ס׳ערשטע וואָרט צו דיר זאָל זיין פון אכזר,
דיין ערשטער גיין זאָל זיין. — אין נע־ונד,
און טאָג און נאַכט ביי דיין צוקאָפּנס וואַך־זיין —
דאָס פּנים פונעם רוצחישן סאָלדאַט;
עס זאָל זיין האַנט דיין לעבן נישט דערגרייכן —
באַהאַלט איך דיך אין זיך אַליין פאַרטרויט,
און דיין פאַרלאָשן־נישט־דערקענטער שמייכל
וועט דורכזיכטיק זיך לייכטן דורך מיין הויט.

איילולו, מיין וווּנדער נישט־געשעענער,
איילולו, מיין יום־טובדיקע רו,
איילולו, מיין נחת נישט־דערזעענער,
איילולו, מיין לעבן,
איילולו.

כ׳האָב אָפּט געזען דיין וויגעלע אין פלאַמען;
עס ברענט די ערד און יעדע פלאַנץ ברענט מיט,
אויף ביימער ברענען נעסטן און צוזאַמען
מיט שוואַלבן־ליד און פרילינגדיקן צוויט.
אויך צו מיין קאָפּ די פלאַמען זיך פאַרהייבן,
אַט האָבן זיי דערגרייכט שוין מיינע האָר!
שלאָף־איין, עס זאָל פון דיר קיין אַש נישט בלייבן —
אַ זכר פון מיין ברענענדיקן דור.

איילולו, מיין וווּנדער נישט־געשעענער,
איילולו, מיין יום־טובדיקע רו,
איילולו, מיין נחת נישט־דערזעענער,
איילולו, מיין לעבן,
איילולו.

אין הייסן לייב מיט קאַלטע שטאָל־מכשירים —
דיין ערשטע פרייד פאַרלעשט מיין אייגן בלוט,
נאָר לייכט אין צאָרן אויף, וואָס זאָל מיך פירן
ביז איבער יענער הייליקער מינוט

ווען ליד וועט דיך נישט מער צום טויט פאַרוויגן
און לעבן וועט נישט הייסן מער קיין זינד,
נאָר איצט, פאַרנעם פון מיר דעם לעצטן ניגון, —
שלאָף־איין אין ווייטן טרוימענלאַנד, מיין קינד.

איילולו, מיין וווּנדער נישט־געשעענער,
איילולו, מיין יום־טובדיקע רו,
איילולו, מיין נחת נישט־דערזעענער,
איילולו, מיין לעבן,
איילולו.

## אויפֿן פּריפּעטשיק — נישטאָ קיין פֿייערל...

אויפֿן פּריפּעטשיק — נישטאָ קיין פֿייערל,
און אין שטוב — איז נישט היים, —
לערנט-זשע, קינדערלעך, לערנט-זשע, טײַערע,
און דערקענט דאָס בייז.

נישטאָ דאָס רבילע, נישטאָ דאָס טײַטעלע, —
ווער-זשע לערנען וועט? —
אַנשטאָט דעם טײַטעלע אין אַזאַ צײַטעלע,
וועט ווײַזן אײַך דער באַגנעט;

ער וועט ווײַזן אײַך וואָס דערונטער שטייט,
וואָס דערונטער מאַכט,
אונדז, די נידריקסטע, די סאַמע אונטערשטע,
פֿירן וועט ער אין שלאַכט;

איבער אייער דאַך די צונגען גלוטיקע
האָבן אים געגליט;
ס'האָבן טאַטע-מאַמעס טרערן בלוטיקע
אים געשליפֿט און געשמידט.

זאָגט-זשע, קינדערלעך, וואָס דערונטער שטייט:
קמץ אלף — אָ!
אָ! — איז אויסגעשריי צו שונאים הינטישע, —
אָ! — מיר זענען דאָ!

זאָגט-זשע, קינדערלעך, און טאַקע נאָכאַמאָל:
פּתח שין — שאַ;
שאַ — מאַכט: שטיל געוועזן טעג און וואָכנלאַנג,
באַהאַלטן ערגעץ — ששאַ...

ביינאַכט און אין באַגין מיט פּויסטן האַסטיקע
האָט מען אייך געוועקט;
עס האָט צו אייער שלאָף די שפּין — די סוואַסטיקע,
געצויגן זיך, געשטרעקט...

עס האָט די קליינטשיקע, נאָך אין די ווינדעלעך,
געשלעפּט פון טרוים דער דייטש, —
לערנט-זשע מיט התמדה, לערנט, קינדערלעך,
און פאַרשטייט דעם טייטש.

ווייל אייך טאַטע-מאַמע ערגעץ בעטן נאָך:
שווערן יעדער מוז,
אַז די שפּין וועט ליגן אַ צעטרעטענע
אונטער אייער פוס!

ס׳גלאַנצט פון אונדזער בלוט ביים שוואַב די כאָלעווע,
קוקט-זשע איין זיך גוט —
זאַמלט יעדן טראָפּן — איר באַצאָלן וועט
פאַר טאַטע-מאַמעס בלוט.

מאָגען זאָלט איר דאָן, נעמען זאָלט איר דאָן:
אַ הויז — פאַר יעדן שפּאָן;
טויט פאַר יעדן לעבן דעם צעשפּאָלטענעם,
פאַר יעדן ציינדעלע — אַ צאָן!

א קאָפּ פּאַר קינדערישן מינדסטן הערעלע,
פאַרלאָשן ערגעץ ווייט...
נעמען זאָלט איר, קינדער, נעמען מערער נאָך
ווי אין פּסוק שטייט...

— — — — — — — — — — — —

נישטאָ דאָס רבּילע, און זיין טייטעלע —
ווי זיין געביין — פאַרברענט, —
דערקענט-זשע, קינדערלעך, דערקענט דאָס צייטעלע,
און דאָס בייז דערקענט!

אויפן פריפּעטשיק — נישטאָ קיין פייערל,
און אין שטוב איז קאַלט, —
הייבט-זשע קעפּעלעך צום פרילינג אייערן,
וואָס קומט-אָן שוין באַלד!

פּאַריז, יאַנואַר, 1945

# קאַשמאַר

צופֿוסנס מײַן בעט, װוּ מײַן בליק פֿאַלט אַריבער,
װי אַ ברעטל בײַ עמעצנס קבר פֿאַרשטעקט,
הענגט דאָס פֿאַרצײכענונגס־ברעטל פֿון פֿיבער
און קוקט אויף מיר אָפּט, װי אַן אָפּבילד פֿון שרעק.

די שורה פֿון פֿיבער פֿאַרצײכנט זיגזאַגיק,
מיר דאַכט, ס'איז אַ ליניע פֿון שטעכיקן דראָט, —
צעשרײַ איך זיך: װײ, איך בין װידער אין לאַגער!... —
און אַן עכאָ מאַכט נאָך מײַנע װערטער מיט שפּאָט.

װען האָב איך די שװעל דאָ אַריבערגעטרעטן? —
איך װײס נישט. איך װײס נאָר, איך בין דאָ פֿאַרשיקט.
די שװעסטער קומט־צו, נאָר אין איר טערמאָמעטער
דערזע איך דעם װעכטערס געלאָדענע ביקס.

ער שטעלט זי אַן גלײַך קעגן מיר, און באַקלאָגן
פּרוביר איך זיך נאָך און איך װענד זיך צו אים:
שיס נאָך נישט, װעכטער! איך האָב װאָס צו זאָגן!... —
נאָר ס'פֿעלט מיר אויס לשון און כ'האָב נישט קײן שטים...

דערװאַכונג. דערלײַכטערונג. שװײסיקע טראָפּנס.
װער רירט מיך דאָס? איז דאָס דעם װעכטערס באַגנעט?
נײן, ס'איז די שװעסטער, װאָס שטײט מיר צוקאָפּנס,
און איר טערמאָמעטער, װאָס פֿאַלט אויף מײַן בעט.

איך שװידער אײַנגאַנצן. אַ, שװעסטער מײַן ליבע,
צעהאַק אים אויף פּיצלעך און װאַרף אים אַרויס,
און נעם־צו ס'פֿאַרצײכענונגס־ברעטל פֿון פֿיבער,
און מיך אויך, און מיך נעם פֿון דאַנען אַרויס!...

מאָנטאַרו אין די אַלפּן, 1943

## אָוונט־איינזאַמקייט...

אָוונט־איינזאַמקייט אין צימער.
ס׳אַרויפגיין אויף די טרעפּ גייט מיך נישט אָן, —
קיינער, קיינער דאַרף צו מיר נישט קומען
אין אַט־דער שעה.

דערהער איך, עמעצער קלאַפּט־אָן.
איך זאָג : אַריין.
מען עפנט נישט די טיר.
כ׳זאָג נאָכאַמאָל : אַריין.
קיין שאָרך, קיין ריר.
ביז כ׳מאַך זי אויף אַליין
און כ׳זע, אַז קיינער איז נישטאָ...
ס׳איז בלויז געווען אַ ווינט, אַ ליץ,
וואָס איז געקומען פון מיר חוזק
און שפּעטן.
ער לאַכט פון מיר און לויפט אַוועק
דערציילן וועגן מיר דיביימער פונעם וואַלד,
און ווי ער לויפט, נאָך הער איך,
אַז ער לאַכט פון מיר
און לאַכט,
און לאַכט נאָך אַלץ...

מאָנטאָרו, יאַנואַר, 1944

## אָפּגעלײדיקט שטײט דער בױם...

אָפּגעלײדיקט שױן אינגאַנצן שטײט דער בױם,
אַלע בלעטער לאַנג שױן, לאַנג פֿון אים פֿאַרשװוּנדן,
נאָר ערגעץ אין אַ װינקל, צו באַמערקן קױם,
װי געלאָזן אױף חידושים און אױף װוּנדער,
איז אַן אײנציק בלעטעלע געבליבן.
צװישן צװײגן, אױפֿן סאַמע שפּיץ פֿאַרשטעקט,
האָט עס פֿאַרזיכטיק אין שאָטן זיך פֿאַרקליבן.
און כאָטש דער לעצטער גרין איז שױן פֿון אים אַװעק,
פּרוּװט עס נאָך מיט לעצטע כּוחות זיך צו האַלטן
און קלאַמערט זיך אין װאָרצל פֿון זײַן שטאַם;
און כאָטש פֿון זײַנע פֿרײַנט אַמאָליקע און אַלטע —
די בלעטלעך — איז שױן קײנער נישט פֿאַראַן,
און כאָטש ס'איז אומעטיק אים אױפֿן בױם אַלײן —
עס אַמפּערט זיך עקשנותדיק און ראַנגלט
מיט יעדן װינט, װאָס װיל צו אים דערגײן,
מיט יעדן װינט, װאָס װיל צו אים דערלאַנגען.

האָב נישט קײן מורא, בלעטעלע, װאָס כ'קוק דיך אָן,
קענסט ציטערן פֿאַר קעלט, נאָר נישט פֿאַר מורא,
װײַל איך װעל דיר געװיס קײן שלעכטס נישט טון. —

װער נאָך, אַזױ װי איך, באַנעמען קען דײַן גורל?...

מאָנטאָרו, יאַנואַר, 1944

## דאָרט ווייט...

דאָרט ווייט , דאָרט ווייט , פון טאָל ארוים דעם גרינעם,
קלעטערט זיך אַ שטעטעלע אַרויף;
די הייזלעך איינס ביי איינס צונויפגענומען
אַרום דעם טורעם דעם פאַרהויבענעם פון קלויסטער,
ווי אַ סטאַדע שאָף
אַרום דעם פאַסטעך...
אַמאָל צעקלינגט זיך דאָרט דער טורעם לאַנג און מאָנאָטאָן,
זאָגט־אָן די זונטיק־תפילה, אַ לוויה, צי אַ חתונה,
און די סטאַדע, ווי די פאַשע, שלינגט זיין יעדן טאָן —
זי הערט , זי הערט פאַרגאַפט דאָס ליד פון פאַסטעך...
רייסט אָפּ די קעפּ, פאַרטוענע, פון דרערד,
פאַרהייבט זיי הויך, צום הימל אויף אַ ווײַלע,
בלייבן זיי אַזוי פאַרקלערט, פאַרקלערט,
מיט אַ חלום אין די אויגן,
און מיט נישט־דערקייטע גראָזן אין די מיילער...

מאָנטאָרו, דעצעמבער, 1943

# אין שטילן טאָל...

אין שטילן טאָל, דעם פרידלעכן און גרינעם,
אין שאָטנס פון צעפּעכערטע אַליוון-ביימעלעך,
גייען זיך אַרום דאָרט זאָרגלאָז פון באַגינען
און רייבן גראָז אויף ביידע באַקן — דריי בהמהלעך.

גייען זיך אַרום אַזוי געלאַסן און בנעימות —
שכנהלעך באַפריינדעטע, דריי הברטעם;
פּאָכען מיט די עקן איינס אויף ס'אַנדערע פּאַר חמימה
און עסן זיך פון פיסקלעך, די באַגאַווערטע.

זילבער-פעדימלעך און גראָזן אויף די מיילער,
און פון דעם, און יענעם, באַטשקען זיי און פּלוידערן,
שאָקלען-צו הסכמהדיק אַ יעדע ווײַלע
מיט די פּעטע, שלאַבערדיקע גוידערן.

קלינגען-צו צו זייער גיין די גלעקעלעך איינטאָניק,
אויף די העלדזער באָמבלען, ווי די אייטערלעך;
הענגען נאָך פון שטריקעלעך, ווי מעדאַליאָנען
פון פּריצהס האַלדז אַראָפּ — אויף צירונג-קייטעלעך.

די גלעקלעך, צי מען וויל, צי נישט, זיי קלינגען תמיד,
קיצלען ביי בהמהלעך די פעל, די פילצענע.
פּלוצלינג כאַפּט זיך אויף דאָס קלויסטערל, דאָס נאָנטע,
ס'קלינגט אויף אים דאָס טורעמל, דאָס הילצערנע.

הייבן־אויף בהמהלעך די שווערע קעפּ פאַרטראַכטע:
— וואָס איז דאָס פּאַר אַ בהמה דאָרט אין שטעלעכל,
וואָס זי ליגט דאָרט שטענדיק אַזאַ עלנטע, פאַרמאַכטע,
שמעקט נישט קיינמאָל צו קיין פּאַשע, צו קיין קווערעכל?...

ווי צום לעבן, דעם פאַרשלאָסענעם אין שטאַל,
אַן טעם פון גראָז און אָן זיך קענען פּיטערן... —
און דריי טרערעלעך, ווי טוי, אויף גראָזן פאַלן —
אויף דער שוועסטערס מזל, אויף דעם ביטערן...

## דער מיסטראַל [1]

בײנאַכט האָט ער אין לאָדן זיך פֿאַרגנבֿעט
און קלאָגט און װײנט מיר אָן אַ פֿולן קאָפּ,
איז בעט איך זיך בײַ אים: אָ, פֿרעמדער ים־װינט,
ס'װעט אפֿשר דאָרט גענוג זײַן, לאָז שױן אָפּ.

הער־אױף, דײַן קלאָגן קען מיך הײַנט נישט רירן, —
אַזױפֿיל האָב איך שױן, אָן דיר, געהערט געװײן, —
װאָלסטו געקענט דאָס װײנען פֿון פֿאַרקלאַפּטע טירן
נאָך אונדזער ערגעץ־װוּ פֿאַרלױרענעם געבײן...

אַנשטאָט מײַן האַרץ, װעסטו צערײַסן נאָך דעם לאָדן —
װײַל נאָך פֿאַר דיר דער ריס אין האַרץ איז גרױס —
נישט מער, דו קענסט נאָר אָנמאַכן אַ שאָדן,
אַז לײדן זאָל פֿון דיר דער באַלעבאָס פֿון הױז...

אָט װערט ער שטיל, װי ער װאָלט מײַנע רײד באַנומען,
און אָט האָט װידער זײַן עקשנות זיך צעבערענט,
אָט הער איך, װי לװיות װאָלטן אָנגעקומען,
װי עמעץ לעבן מיר פֿאַרברעכט די הענט.

זעט אױס, װי ער װאָלט הײַנט געװאָלט מיר העלפֿן קלאָגן —
נישט נױטיק . אָ, ס'איז בעסער מיר אַלײן.
צו זינגען בלױז איז גוט אין כאָר, און כ'זאָג אים:
אַ דאַנק, איך קען מײַן שטעטל זיך באַשטײן.

---

1) אַ שטאַרקער װינט אין דרום־פֿראַנקרײַך.

נישט נויטיק נאָך דאָס אימהדיקע וואָיען
מיר צוגעבן אַצינד צו מיין געוויין,
און אויב איך קען זיך איינשטילן און זיין בארואיקט —
בארואיק זיך און שלאָף. אויך איך שלאָף איין.

אַ גוטע נאַכט... ס׳איז שטיל, ווי ער וואָלט מיך **פאַרשטאַנען**.
די נאַכט איז שטום, ווי זי איז אייביק שטום.
כ׳פאַרדעק זיך שנעל, און גוט וואָס ס׳איז פאַראַנען
אַ קאָלדרע נאָך, וואָס נעמט מיך היים אַרום...

מאָנטאָרו, יאַנואַר, 1944

## ס'איז ערגעץ פאַראַן אַזאַ געסל...

ס'איז ערגעץ פאַראַן אַזאַ געסל,
פאַראַן דאָרט אַן אַלטע לאָמטער,
און לאַנג שוין פון אַלעם פאַרגעסן,
און לאַנג ווי זי לייכט שוין נישט מער.

עס טרעפט, אוים רחמנות, דער אָוונט
וואַרפט איר פונעם הימל אַריין
אַ שטערנדל, ווי אַ נדבה,
און שענקט איר אַביסעלע שיין.

כ'זאָל זיין אינעם שומער דעם גרעסטן
וואָלט זי נאָך געווען מיין פאַרלאַנג —
מיר דאַכט, אַז זי קען היינט אַמבעסטן
באַלייכטן מיין טונקעלן גאַנג.

כ'האָב דאָרטן מעת-לעתן צעשאָטן,
וואָס זענען פאַרביי לעבן איר,
קענסט טרעפן נאָך דאָרט מיינס אַ שאָטן,
פאַרלאָזן, געבליבן נאָך מיר.

אים האָט דאָך מיר דעמאָלט געגעבן
איר שוואַכע און טונקעלע שיין, —
קען זיין גאָר, זי זוכט מיך דאָרט לעבן
איר וואַנט און זי פרעגט, ווו כ'קען זיין.

איך זע, זי באַוועגט אין באַדויער
איר אַלטן, פאַרלאָשענעם קאָפּ,
אין אָפּשיי פאַר מיר, צי אין טרויער,
פאַרנייגט זי אים טיפער אַראָפּ.

און אפשר אויך מיד פון מעת-לעתן
און זיקנה — זי בייגט אים צו דרערד.
איז כאָטש זי איז לאַנג שוין פאַרגעסן
און צינדט זיך נישט אָן דאָרטן מער —

געשאָנקען מיין גאַנג און מיין נאָמען,
מיין בענקשאַפט — געקאָוועט אין צוים —
אין הייליקייט, ווי אַ נר-תמיד
זי צינדט זיך היינט אָן אין מיין טרוים.

מאָנטאָרו, יאַנואַר, 1944

## אַ וואָלקנדל האָט אויך אַ היים...

אַ וואָלקנדל מוז האָבן אויך אַ היים, מיין קינד,
ווייל אַנדערש וואָלט עס נישט געאײלט אַזוי געשווינד
צום ראַנד פון הימל איצטער, ווען די נאַכט פאַלט־צו
און אַלץ אַרום גייט אָפּ צו שטילקייט און צו רו
מיט צוגעמאַכטע אויגן, שמייכלענדיק און מילד —
בלויז מיר, מיר האָבן נישט קיין היים און נישט געשטילט
איז אונדזער מידער גאַנג, און הפקר, ווי דער ווינט,
וואָס ער איז אַלעמענס און קיינעמס נישט, מיין קינד.

דער ווינט מוז אויך זיך איינשטילן אַמאָל, מיין קינד,
ווייל אַנדערש וואָלטן מיר אים דאָך געהערט אַצינד,
און כאָטש ער ווייסט נישט פון קיין שוועל און פון קיין הויז,
איז בעט ער זיין געלעגער ווו עס איז זיך אויס;
ער לייגט זיך שלאָפן אין די בלעטער פונעם בוים
און אין צוקאָפּנס זיינעם איז אים העל זיין טרוים, —
בלויז אונדזער טרוים איז טונקל, פינצטער, בלינד,
ווי אָט־די בלאָטע דאָ, פאַר אונדזער פוס, מיין קינד.

אַ בלאָטע איז אויך העל און שיין אַמאָל, מיין קינד,
ס'איז אין אַ צייט, ווען ס'איז דער דרויסן וואַרעם־לינד,
ס'איז אין אַ שעה, ווען ס'שפּיגלט זיך אין איר די זון, —
זי שטראַלט פאַר פרייד, נישט וויסנדיק אַליין דערפון.
די זון פילט־אויס איר שטח און ווי אומגעריכט, —
זי פלאַצט, זי ווערט צעשפּאַרט פון בלענדנדיקן ליכט —
בלויז אונדזער האַרץ, וואָס שפּאַרט און פלאַצט פון ווי־און־ווינד,
איז אומעטיק און ווייסט נישט פון קיין פרייד, מיין קינד.

מאָנטאַרו, יאַנואַר, 1944

# היימישער ניגון

יידל מיט דער פידל,
בערל מיטן באַס, —
פאַריתומט איז דאָס לידל,
ס'געפינט נישט מער די גאַס.

אַ קלאָג איז צו דער פידל,
אַ בראָך איז צו דעם באַס,
וואָס דאַרפן פירן ברידער
צו קברים און צו גאַז.

ביי גריבער און ביי ראָוועס
מיט גסיסה אָנגעפילט,
עס האָט דער מלאך-המות, —
דער דייטש, באַפוילן: שפּילט!

ס'טרייבט דער דייטש צו קברים
און טרייבט מיט קברים שפּאַס, —
וויי-און-ווינד קלעזמאָרים,
דער פידל און דעם באַס.

אוי, זייט מוחל, שוועסטער,
ברידער, קרובים, פריינט —
ווען די פידל לעסטערט, —
די פידל אייך באַוויינט.

אונטער בייטש און זידל,
חוזק, פלוך און כעס, —
יידל מיט דער פידל,
בערל מיטן באַס.

ווינט אַזוי דער ניגון,
בעט אַזוי די טרער:
בעסער ווערט אַנטשוויגן,
גלייכער הערט נישט מער...

פון טאָמאַשאָוו און סקידל,
פון ביאַליסטאָק ביז יאַס,
טרויעריק איז דאָס לידל
פון פידל און פון באַס.

די ערד געשטילט מיט קברים,
דער דייטש מיט בלוט געשטילט, —
אויפגעהערט, קלעזמאָרים,
דאָס ליד איז אויסגעשפּילט! —

שטאָט כלים — מיטן רידל
אין ערד פון טרערן נאַס —
יידל אָן דער פידל,
בערל אָן דעם באַס.

ס׳וויינט אין ווינט די פידל,
ס׳ברומט אין ברוך דער באַס,
ס׳בלאָנקעט אום דאָס לידל
און טרעפט נישט מער קיין גאַס.

דורך שטעט און וועלט-האַרמידער,
ביז ווייטער, פרעמדער גאַס,
אַ תיקון זוכט דאָס לידל
אין האַרץ פול צער און האַס.

1945

# נקמה

עס פאַלן־צו מיט רעש די פענצטער־שטאָרן,
און גאַס פון גאַס וויל זיין איצט אָפּגעשיידט.
ס׳ליגט אויסגעצויגן אויפן ראָג אַ דייטשער הרוג,
ליגט אויף אַ ראַגאָזשע פון אייגן בלוט פאַרשפּרייט.

ווי שיין ווען רויט מיט פעלדגראָו, קרייצן־זילבער,
ווערט אויסגעמישט דורך גוט־געשיקטן ציל.
אַ שאָד, די גאַס אַנטלויפט אין שרעק, מבֿולבל,
און ס׳האָט נישט ווער צו זען די פאַרבנשפּיל...

ליגט אויפן ראָג אַ הרוג אויסגעצויגן,
אַ הונט באַשמעקט אים פויל און אין געאייל,
איין האַנט אין האַנדשו האָט זיך אויסגעבויגן
ווי אויפצוהייבן זיך נאָך אין אַ לעצטן „הייל!״

פאַרהויבן ליגט אַ שטיוול, וואָס געוויזן
האָט ער דעם וועג צו גזלה און צו מאָרד,
גלייך ווי צום געַנזנשריט וואָלט ער זיך נאָך פאַריסן
אין אַ פּאַראַד אויף עטואַל, קאָנקאָרד.

געווים האָט ער געקלערט צו ליגן אַנדערש —
ווי ס׳בעט, זאָל אונטערליגן אים די וועלט,
געציילט האָט ער דעם טויט דורך פעסט, דורך וואַנדער,
די נולן, ווי די פּעטליעס, אויסגעשטעלט...

געוואָלט האָט ער, אין גלאַנץ פון זיין מאַנאַקל
זאָל שפּיגלען זיך די שפע פונעם לאַנד,
און אויף זיין ווונק, אין גנעדיק־טיפן שאָקל
זאָל זיך די תבֿואה בייגן צו זיין האַנט.

געוועו די האַנט אויף נעמען אַלץ אַ בריה,
אויף אַלץ אַ מבין, אַלץ האָט איר געשמעקט,
זי האָט געצויגן זיך נאָך לענדער און אימפּעריעס —
אַצינד ליגט זי צום רינשטאָק אויסגעשטרעקט...

געפּלאַצט איז דער מאַנגאַקל און צעשפּרונגען,
דורך אים — געפּלאַצט, צעשפּרונגען איז די וועלט.
נישטאָ פּאַריז, די גאַס... שוין אָפּגעקלונגען
די לעצטע שטאָר — די לעצטע טיר פֿאַרשטעלט.

פֿאַרטאַיעט דער אַרום. קיין אָטעם רירט נישט.
קיין פֿויגל איז נישטאָ. די גאַס איז פּוסט.
און בלויז אין בלוט פֿון האַר, אַן איינגעשמירטער —
דער פֿויגל שטייט אויף דער געהאַקנקרייצטער ברוסט.

# אין טעג פון נצחון

ברידער, שוועסטער, זעט נאָר, זעט, פון טויט אוועקגעריסן אים,
ווילט זיך מיר היינט שפּילן מיט מײַן קאָפּ, ווי מיט אַ באַלעם, —
כ'האָב אים אויסגעפּוצט דערפאַר אין גדלות אַ פאַריסענעם,
גיי איך מיר אַ חתן ווערן, — לעבן איז די כלה!

זעט אַ נחת פון אַ מויד, אַ היפּשע און דערוואַקסענע,
אַ פּאָר אויגאַנעם דאָס האָט — דעם גאַנצן בלאָ פון הימל,
פון דער זון דאָס שטראַלן־גאָלד — איר בלאָנדער קאָפּ דער פלאַקסענער,
היינט נאָך מעלות אַנדערע, וואָס פּאַסן איר צום רומל.

ס'זענען אַלע מעלות אירע עכט, נישט קיין געמאָלענע,
— כ'וואָלט נישט באַלד די האַנט געבעטן ביי קיין פאַלשער כלה, —
היינט איר אויסשטייער און צירונג — ווער קען פון דעם חלומען?
און איר נדן אָפּצוציילן — ווער קען זיין אַ בעלן?

אַז דו ביסט פון תהום אַרויס, פון אומגליק און פון וויסטעניש,
וועסטו איצט, מײַן ליד, פאַר מיר נישט זיין קיין ווידוי ווידער,
אַז צום טויט, ווי ביסט געוועזן, מער פאַרקנסט שוין ביסטו נישט, —
לעבן איז די כלה — און ס'געפעלט דער וועלט דער שידוך!

קינד־און־קייט פאַרבעטן און עס איז איר טיר אַן אָפענע,
זעט איר שלייער, אויסגענייט פון וואָלקנס — ווייסע גאַזע.
שיינען וועט דער פרילינג מיט אַ פולן פּנים האָפענונג,
ליבלעך אונדז אַקעגנגיין און ווינטשן אונדז: „מיט מזל!"

צו דער סעודה נעמען פעלדער שפּרייטן קלאָרע טישטעכער,
ריינע, אויסגעוואַשענע, מיט גראָזן — גרינע פראַנדזן.
עך! — צעהוליען ווינטן זיך, שוין שיכורע, צעמישט — עך, עך!
נעמט אייך וועלדער אָן מיט בערג, מיט אונדז צוזאַמען טאַנצן!

גיסט־אָן פולע בעכערס פרייד, העי, סאַרווערס, שוימיק־כמאַריקע,
אפשר וועט דער אומעט, ווי דער שוים, באַלד זיין צעגאַנגען.
הערט נאָר ווי ס׳פאַרגייט זיך אונדזער בדחן — דאָס קאַנאַריקל,
און די ביימער רייסן זיך צו זיין די חופה־שטאַנגען!

העל פון אַלע לאָמפּן פלאַמען פייערלעך די פייערן, —
וואָס־זשע איז אונדז עפּעס, כלה, קאַלט און קאַלעמוטנע?
אפשר ווייל עס פעלן ביי די טישן קרובים טייערע,
ס׳פעלן אינעם חופה־גאַנג מעזריטש, לובלין און קוטנע...

היינט ווער קען דערמאָנען דען די אַלע שטעט פאַרבעטענע,
מחותנים פיינע, מיוחסים־געסט באַוווסטע?
דאָך עס בעטן זיך די פּיס, וואָס קענען שטיין און טרעטן נאָך, —
— קלעזמער, אויפגעשפּילט זאָל ווערן טרויעריק און לוסטיק!

כאָטש עס פאַלט אַוועק מיין קאָפּ אַ מידער שוין, אַ שיכורער —
נאָך אַמאָל די גלעזער אויפגעהויבן אויף „לחיים״! —
טאָמער נעם איך וואַקלען זיך, טאָ נעם מיך און דער עיקר, הער,
זאָלסטו זען צו האַלטן מיך, אוי, כלהניו געטרייע!...

## „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעס"...

„דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעס"...
וועל איך זינגען איצט פאַרקערט:
אַלעס, אַלעס איבער דויטשלאַנד,
אַלץ, וואָס אויף דער גאָרער ערד..

מיט פאַראַכטונג און מיט פייער
שפּייט דער הימל אין געזיכט.
פייל און פעל — געבריל פון חיה,
רוף אין האַנט פון מענטש: פאַרניכט!

אין זעניט זיין רוף צעהאַנגען,
קלינגענדיקע טאַץ — די זון,
ווי דער גאַנג פון אַלע גאַנגען,
איז מודיע אומעטום.

וועקט זיך אויף די ערד די גאַנצע,
ווייסט שוין מער נישט פון קיין רו.
ימען אַנגעטון אין פאַנצערם
רוקן נעענטער זיך צו.

שווימען לענדער צו ווי כוואַליעס,
בלייבסטו הינטער זיי פאַרשטעלט. —
„דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעס,
איבער אַלעס אין דער וועלט"?

אָ, דו דאַרפסט זיך נישט באַמיען
צו דער גאַנצער וועלט דערגיין,
ס'איז די וועלט זיך שוין מטריח
און זי גייט צו דיר אַליין.

פונעם זאַמדיק־הייסן ליביע
ביז צום שנייאיקן סיביר,
האָט זי היינט זיך אויסגעקליבן
אָפּשטאַטן אַ זעאונג דיר...

קומען געסט דיין שוועל באַטרעטן,
קלאַפּן־אָן, אַז ס׳הילכט, ווי הויך!
טראָגן אין די הענט בוקעטן
ריזיקע — קאַנאָנען רויך...

אַז דו גייסט אין אים פאַרפאַלן
און פאַרלוירן פון דער ערד — — —
„דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעם" —
לאָמיר זינגען איצט פאַרקערט!

יאַנואַר, 1945

## די ווינטער־זאָרג...

מיט באַומרואיקונג שטייען מיר
פאַרן נייעם ווינטער...
(פון דייטשע צייטונגען, 1944)

נאָר נישט געזאָרגט און געדאגהט,
נאָר נישט געציטערט פאַר קעלט, —
ס'וועט אייך זיין וואַרעם,
ס'וועט אייך זיין זייער וואַרעם,
מיט אַזאַ מחיהדיקער וואַרעמקייט
פון דרום, צפון, מזרח און פון מערב
אַרומנעמען וועט אייך די וועלט...

ס'וועט אייך זיין וואַרעם,
ס'וועט אייך זיין היים,
איינגעהייצט וועט זיין דאָס גאַנצע רייך
פון דרום, צפון, מזרח, מערב
און פון דער הייך...

קוילן וועלן אייך נישט פעלן —
קוילן — וואַגיקע און שווערע,
אויפן ווינטער אָנגעגרייט,
קוילן — גליענדע, וואָס וועלן
קיינעם, אויסער אייך, געהערן,
קוילן פלאַמיקע, וואָס שלאָגן
היץ אויף מיילנווייט...

איצטער קוקט נאָר אָן די אויוונס,
ווי זיי ראָלן אויף די וועגן.
אויוונס — מעכטיקע, געפּאַנצערט,
אָנגעגרייט פאַר אייערטוועגן,

זעט נאָר , זעט, ווי שווער זיי וועגן,
אָט־די אויוונס — פאַנצער־וועגן
אויף די וועגן זיך באַוועגן,
אויוון־פאַנצער, הייזער גאַנצע —
אָנגעגרייט פאַר אייך.

ס'וועט אייך זיין וואַרעם,
ס'וועט אייך זיין זייער וואַרעם.
און אפילו לויטן לוח
און די שטערנזעער היי־יאָר,
וועט נישט אויספעלן קיין פייער
דעם קאַלטן,
ד ע ם אָ ר ע מ ע ן ר יי ך...

## צום ערשטן מאַי 1945

און דאָס וועט זיין דער מאַי פון אַלע מאַיען,
אַזאַ האָט נישט געקענט באַשאַפן גאָט,
אַזוי האָט נישט געקענט די זון זיך פרייען
זינט ס'האָט דער מענטש געשטעלט דעם ערשטן טראָט.

אַזאַ האָט אין בראשית נישט אַנטפּלעקט זיך,
אַזאַ האָט קיינמאָל נישט די ערד געהאַט.
די שוואַלבן-פּאָר מיט ליבע היינט באַדעקט זיך
מיט ליכט און אונטער שויץ פון סטאַלינגראַד.

דער פויגל פלעכט די נעסט פון זיינע שטראַלן,
און זינגט אין איר אויפסניי דאָס אַלטע ליד,
ס'בליט ווידער אויף אויף זוניקן מהלך
דאָס פעלד, וואָס האָט דורך מענטשן-אַש געבליט.

און דאָס וועט זיין דער מאַי פון אַלע מאַיען,
אַזאַ האָט נישט געקענט באַשאַפן גאָט —
ער שטראַלט אַראָפּ פון מענטשלעכן כלי-זין,
פאַרהויבן, פייערדיק, ווי אַ געבאָט.

דעם תליה-שטריק פון צווייג אַראָפּגענומען,
עס ווערט איר אומגעקערט דער גרין פון בלאַט —
ס'קערט אום דער פרילינג זיך צו גראָז און בלומען
און ס'טראָגט די זון די האַנט פון סטאַלינגראַד.

און „אונטער לינדן" הערט נישט אויף צו שיטן
מיט צווייט און נייער פרילינגדיקער שיין;
מיט רויטע שטערנס און מיט ווייסע בליטן,
ווו גרויזאַם האָט געשראָקן יעדער שטיין...

האָט ווען דאָס אויג פון אַזאַ מאַי געוווסט דען?
איז אים געווען דען אַזאַ ליכט באַשערט?
ווי קנאָספּן בליִען הערצער אויף אין ברוסטן —
אַ נייער פרילינג אויף דער נייער ערד!

דאָס האַרץ וואָס האָט געזונקען טיף אין אימה,
הייבט-אויף צו אים אַ הילכיקן „וויוואַט!"
די פייגל זינגען שירה אויף די ביימער —
אַ לויבגעזאַנג צום מענטש פון סטאַלינגראַד!

## צו אַ יידיש קינד

דאָס ווייסע ווינדעלע פון קינד איז דאָ און דאָרטן געל, —
ווען האָב איך דאָס געזעען אַזאַ וווּנדערלעך און שיין געמעל?...

ביסט נאַקעט, ווי ס׳האָט דיר געהאַט די מאַמע דאָ נישט לאַנג, —
פון וואַסער ציט מען דיך אַרויס, ווי ס׳טייערסטע געפאַנג.

אין קליידער פון דער ערשטער מאָדע שיינט דער מאַמעס טרוים,
די מאַמע ווישט אַראָפּ די וואָלקנדלעך פון זייפנשוים.

די וואָלקנדלעך אַוועק — איצט לייכט אַ יונגע זון און קוועלט, —
קוועל, יידיש קינד, וואָס האָסט פאַרשפּעטיקט שוין די היטלער־וועלט;

וואָס הערסט אַצינד נישט פּיקן אין דיין שויב דעם האַקנקרייץ,
און איך קען דיך מיט לויבגעזאַנגען געבן אַ פאַרפלייץ.

האַלטסט־צו, ווי אַ דעראָבערונג דער מאַמעס ברוסט. לאָז אָפּ,
ס׳איז דיין, ס׳וועט נישט אַוועק, הער בעסער אויס מיין ליד מיט קאָפּ:

דער וואָלף, דער אמתער, נישט פונעם מעשהלע אַרויס,
איז ערשט אַוועק און לויערט נישט פאַר טאַטע־מאַמעס הויז.

פאַקסט אין דיין מיילעכל די הענטלעך, און וואָס דיר געפעלט,
וועסט אויך נאָך אָנכאַפּן דאָס שיינע באַלעמל — די וועלט...

זאָלסט וואַקסן ווי ס׳האָט מענטש געבאָטן, און ווי מאַמע הייסט,
און זיין זאָלסטו פאַר אונדז די שיינע, לעבעדיקע טרייסט.

און זיין זאָלסט אונדזער קרוין און נחת און דער מאַמעס גאָב —
איז קריגסטו טאַקע ס׳שפּילעכל, דאָס קלעפּערל — דעם גלאָב...

דאָס בלאַט פון האַרבסט איז געל און די קאָליר פון שאַנד איז געל,
נאָר ס׳געל פון דיינע ווינדעלעך — וואָס פאַרא שיין געמעל!...

## דעם באַפרייער

אײראָפּעס טרויער־שלײערן — די דראָטן־נעצן, צאַמען,
מיר זענען הינטער זײ געזונקען ווי אין טיפע תהומען,
נאָר אין דער טיף האָט אויפגעשײנט אַ שטראַל, אַ ליכט — זײַן נאָמען.

מיר האָבן אויפגעכאַפּט געהײם דעם פונק פון אַפּאַראַטן, —
געהערט פון ווײַט זײַן זיג־באַפעל — דעם גאַנג פון זײַנע טאַטן,
און ס'איז זײַן נאָמען נאָנט געווען אונדז, ווי פון אַ טאַטן.

ס'פאַרנעמען אויפן קרעמל יעדע נאַכט די הויכע שטערן
דעם ערן־זאַלפּ צום זיג פון זײַנע מעכטיקע געווערן.
אים פלעגט מען ווי דעם שופר של משיח דעמאָלט הערן!

אַרמייען: רוסן, אוקראַינער, ייִדן און קאַרײער,
פאַרוים די פליער, רײַטער, פאָרער, קלעטערער און גײער,
און ס'פירט זײ דער אַלמעכטיקער, דער ערשטער רויטאַרמײער...

געגאַנגען איז דער ווײַסער צפון און דער מילדער דרום,
און מיט זײַן שווערד האָט ער און מיט זײַן אויסגעשטרעקטן אָרעם
אַרויסגעצויגן אונדז פון הײלן און פון בונקער־קבֿרים.

געזאָלט שוין האָבן בליענדיקע פעלדער זײַן מדבריות;
די נאַכט זאָל אײביק הוערן אויף זײ, ווי די אכזריות,
וווּ ס'אײביק־בלויזע ליכט זאָל זײַן — די שײַן פון קרעמאַטאָריעס;

געזאָלט שוין האָט די פינצטערניש פאַרשפּרייט זײַן טויזנטיאָריק;
דורך איר זאָל גײן אויפסנײ דער מענטש פאַרוואַקסן־ווילד און האָריק,
נאָר דורכגעשניטן האָט דער נאַכט דאָס מאָסקווע־ליכט — קאַיאָריק.

געזאָלט האָט אײביק רויכערן די ערד מיט מענטשן־קטורת,
ווי אָפּגעשטעלט זאָל זײַן דער גאַנג פון יאָרן און פון דורות,
נאָר ס'טראָגט אויפסנײ זײַן האַנט פון פעלקער־שטאַמען די מסורות.

שטאָט מענטשן־רויך האָט ער געברענגט דעם רויך אין כאַטע־קוימען,
און אומגעקערט אין מיידל־האַרץ האָט ער די ליבע־טרוימען,
און ווי אַ פֿאָטער — אָפּגעווישט די טרערן פֿון יתומים.

שטאָט מענטשן־בלוט — אויפֿסניי די ריינע, קלאָרע קוואַלן שטראָמען,
שטאָט ביינער — האָט ער אומגעקערט צוריק צום פֿעלד די זאָמען.
די פֿייגל זינגען אוים צו אים — אַ לויב זיין ליבן נאָמען.

עס וועלן זילבערדיק זיין רום באַשטערענען פּלאַנעטן,
און שיטן וועט די זון איר גאָלד אויף זיינע עפּאָלעטן
און אים, ווי אָרדערס, צושפּיליען די הערצער פֿון פּאָעטן.

נאָוועמבער, 1945

***

אין דער שטאָט דער צעשיטער אין שטיינער,
ערגעץ־ווו דאָרט מיין בליק זיך פאַרהאַלט,
זעט אין תהום פון זכרון דאָרט איינע,
א פאַרלאָשענע מיידל־געשטאַלט.

קיינער ווייסט גאָרנישט פון איר אַנטרינען,
פון איר גאַס היינט איז ליידיקייט בלויז,
דאָך מיין פוס וואָלט דאָס אָרט נאָך געפונען,
ווו געשטאַנען אַמאָל איז איר הויז.

ווי אַ קינד — פון צענומענע טיילן
כ'שטעל־אויף גאַסן צוריק פונעם ברוך,
און דורך רוישיקע מענגען , וואָס איילן,
ווי אַמאָל, אויף איר גאַס גייט זי דורך.

ס'קען נאָך אַלץ פאַר מיין אויג נישט צערינען
דער צעשויבערטער וואָלקן — איר קרויז,
ווי ס'קען מער שוין מיין בליק נישט אַנטרינען
פונעם ביינער־געפלאָגטער אַרויס...

אָ, די רוישיקע גאַסן און מענגען.
אַלץ איז שטיל. און אויך זי איז אַנטשטילט.
וואָלט אַ סימן פון איר עמעץ ברענגען,
וואָלט מיר עמעץ געוויזן איר בילד...

כ׳וואָלט געטראָגן עס ווי אַ קמיע
אויפֿן האַלדז, אונטער לייבלעכן העמד,
ווי די גרודע — דעם זאָם אונטער שנייען.
אָ, איר בילד — פֿון מיין אויג איינגערעמט...

האַרבסט און רעגן. אין טוי פֿונעם פֿענצטער
לויפֿט אין ציטער מיין האַנט — איך דערמאָן,
שרייב איר נאָמען — פֿינף אותיות, די שענסטע
וואָס אין אלף־בית זענען פֿאַראַן.

1946

## דערינערונג וועגן פּרץ מאַרקיש

כ'האָב קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געהערט
זיין שטים און נישט געטראַכט, איך וועל זי הערן
ווען דורכגיין דורך אייראָפּע וועט די שווערד
אַדורכגעשווענקט אין אונדזער בלוט און טרערן.

יאָר דריי און פערציק, ווען ס'האָט זיך געדוכט,
ס'וועט אונדזער ליכט שוין אויספּיקן די תליה,
כ'האָב אין געהיימען צימערל געזוכט
ביים ראַדיאָ-קעסטעלע אַ טרייסט-ידיעה.

ווי ס'דעקט אַ שפּאַרבער צו אַ שוואַלבן-נעסט,
האָט צוגעדעקט מיין שטיבעלע די השכות,
דורך יעדער שפּאַרע האָט געשפּאַרט די פּעסט,
אין שויב — געפּאַכט דער שאָטן פונעם משחית.

אַ שיפל צווישן גרינעם שטורעם-שוים —
מיין צימער האָט אין פעלדגראָ זיך געוואַקלט,
און כ'האָב דערוואַרט אַ טאָג, ווען ליד און טרוים
נאָך מיר שוין בלייבן וועלן פאַרסאַכהאַקלט.

איך האָב דאָס ווייזערל אויף מאָסקווע אָנגעשטעלט,
געהערט פון טרייסט און האָפענונג די קלאַנגען,
פון ראַדיאָ ס'ליכט האָט וווּנדערלעך געהעלט,
ווי ס'וואָלט אַן אייביקער באַגינען אויפגעגאַנגען.

דאָס ליכט, וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון אים,
דעם טונקלען יאוש האָט צעפליקט אויף שטיקער,
און כ'האָב דערהערט אַן אומגעריכטע שטים, —
אויף יידיש האָט געמאָלדן א י ם דער ספּיקער.

און כ׳האָב צום ערשטן מאָל זיין שטים געהערט —
פון ווייט און דאָך אין נאָנטע דלד אמות,
אויף יידיש האָט מיין אויג פאַר פרייד געטרערט,
ווי כ׳וואָלט דערהערט דאָס נאָנטע קול מיין מאַמעס.

און כ׳האָב דורך ריזיקן מהלך אים באַקענט,
דורך שטחים פיין, דורך קריג און שלאַכט־געשמעטער,
זיין שטום האָט יעדע צוים אַדורכגעברענט,
ווי ס׳וואָלט אין צאָרן זי געיאָגט אַליין דער עטער;

זי האָט דאָס ראַדיאָ־קעסטל דורכגעברענט,
דאָס ליכט אין אים איז הייליק אויפגעגאַנגען,
ווי כ׳וואָלט מיין מאַמעס שבת־ליכט דערקענט,
וואָס זענען אינעם חורבן אויסגעגאַנגען.

דאָס האָט פון קעסטעלע געשיינט גאולה־פלאַם
אין צימערל פאַרבאָרגנס, אומלעגאַלן.
געווען איז פרילינג אין מיין פענצטער־ראַם,
און ס׳צימערל — אַ נעסט פאַרוועבט אין שטראַלן.

# אין מיין פענצטער

אין פענצטער מיינעם שטייט אַ וואָלקן,
אַ וואָלקן פון טרעבלינקע־רויך, —
מיין לעבן וועט נאָך אים שוין פאָלגן
ביז לעצטן בליק, ביז לעצטן הויך.

ער לאָזט זיך נישט אַוועק אין וואַנדער,
ווי וואָלקנס אַנדערע אין לופֿט,
עס טרייבט אים נישט דער ווינט פֿאַנאַנדער,
עס לייזט אים נישט דער רעגן אויף.

מעת־לעתנוויז אַזוי כסדר
ער טרעט נישט אָפּ מיין פענצטער־ראַם,
ביז טונקלער ווערן מיינע קליידער,
און ביטער — פון מיין ברויט דער טעם.

זיין חותם לייגט זיך אויף מיין טיש,
זיין שאָטן לייגט זיך אויף מיין ליד,
ביינאַכט איז ער מיין שוואַרצער קישן
פון שרעק־חלומות אויסגעגליט.

עס בייט אים נישט זיין פאַרב די שקיעה,
נישט זון, וואָס גייט פרימאָרגן אויף,
ער איז דאָס ערשטע, וואָס מיין ראיה
דערזעט, ווען איך דערוואַך פון שלאָף.

ער קוקט מיך אָן און ווי אַ משא
באַפּאַלט דאָס גרינגע העמד מיין גוף,
און מוטנע ווערט אין גלאָז דאָס וואַסער,
און גראָ — די דלד־אַמות־לופט.

ער האָט מיט מאַכט זיך איינגעזוויגן
אין שויב און טרעט נישט אָפּ צוריק.
ער ווינט אין בליק פון מיינע אויגן,
ווי ס'ווינט אין אים מיין מאַמעס בליק.

## אָראַדור[1]

ניִשט איינמאָל שוין אין חצותן פון קאַשמאַר
געטראָגן, ווי אַ פייל אין גוף, דיין צער,
און אויף מיין בעט ניִשט איינשלאָפן געקענט.
ווי דו אין פלאַם — האָב איך אין האַס געברענט,
געהילט זיך אין דיין פלאַם-און בלוט-פורפור,
אָראַדור!

אָ, אָראַדור! — אַן אויסרוף רוף איך אויס,
ווען דער אָרום איז נאַכט און שטילקייט בלויז,
ווי שטיל עס איז דיין הויפן חורבן-אַש.
און אים דאָרט, ווי אַ קרעט, בסוד, אַן רעש,
גיט מיין מחשבה היינט זיך אַ פאַרנור,
אָראַדור.

דעם דופט פון פלאַנץ פאַרטרישט אויף טויט-געריך,
און שבעה זיצט אַ שטיין אויף שטיין אין ברוך,
ניִשטאָ ווער ס'זאָל באַווייגען דאָרט דעם העק
צום טויט פון מענטש, פון פויגל און אינזעקט, —
באַווייגט דיך אַ בראשיתדיקע, די נאַטור,
אָראַדור.

די קאַלוזשע פון בלוט האָט גיך און פלינק
געזופט און אויסגעלעקט די פייער-צונג —
ליגט אויסגעטרוקנט שוין דיין קופּע גרוז,
און קריצט מיט יעדן ציגל פון פאַרדרוס.
איך טראָג דיין גרוז אויף זיך, ווי אַ טאָרטור,
אָראַדור.

---

1) אַ שטעטל אין פראַנקרייך, אינגאַנצן פאַרטיליקט דורך די דייטשן אין יאָר 1944

אָ, זע, געקרייצטער, קעגנאיבער דיר —
אַ קינד געקרייציקט אויף דער קלויסטער־טיר.
וואָלט איך אַ גלויביקער געווען, וואָלט איך
געשטעלט אים אויף מיין טישל אָנשטאָט דיך,
און כ׳וואָלט געבעטן צו זיין הייליקער פיגור:
— אָראַדור!

ווי ס׳קינד צום האַלץ פון יענער קלויסטער־טיר —
מיין האַרץ איז צוגענאָגלט היינט צו דיר,
אויף דיינע חורבות רופט עס אויס: איך בלייב!
און ווי די נאָפּל־שנור צום מוטער־לייב,
מיך בינדט צו דיר אַ בלוטיק־רויטע שנור,
אָראַדור.

איך קום פון געטאָס, פריער נאָך פאַרקווילט,
פון מענטשן־טריט און חיות אויסגעהוילט,
איך גיי צו דיר פאַרברידערן דעם טויט! —
איך גיי — געררך פון אָפּגעזענקטער הויט,
איך — פונק פון אָשוויענטשים און סאָביבור,
אָראַדור.

דורך מיינע קליידער ברענג איך דיר די שאַנד
פון שטערנטוך און יונגפרוי־בעטגעוואַנט;
פון קינדער־קליידעלע און שוועסטער־העמד;
פון ספר־תורה־מענטעלעך — פאַרשעמט
און פון פרוכתן די שטוקאַטור,
אָראַדור.

ווי דאָרט — אין יענעמס טרערן אויסגעצירט,
אין בלוט — פאַריסן־פאַרביק אויסגעשמירט,
האָט איינמאָל אין אַ וואַנזיניקער נאַכט
אין דיינע ווענט אַ שיכורע פאַרבראַכט,
געהוליעט — די פאַרוועלקטע, אַלטע הור,
— אָראַדור.

זי האָט געבראַכן גלעזער און געשיר,
און רוק־און־לענד געבראָכן — איבער דיר,
זי האָט געוווסט, עס איז איר לעצטע נאַכט,
האָט זי געשעדיקט, חרוב אַלץ געמאַכט,
אויף נישט צו לאָזן מער נאָך דיר קיין שפור,
אַראַדור.

געוואַלט האָט זי אַרומגיין אויף דער ערד
אַליין, פון מענטשן־בליקן נישט געשטערט,
ווי אין די ווילדעניש — דער בעל־חי;
אַרומגיין מיט געברום און פראַנק־און־פריי,
און ווי אַמאָל, אין ווילדן, אַלטן און,
אָראַדור.

זי האָט געוווסט, זי זעט נישט מער דעם טאָג,
האָט זי פאַר כעס געשליידערט און געבראָקט,
געפּאַטשט אין שוים, געוואָרפן זיך, — אומזיסט! —
אין שיין פון טאָג און אויף איר אייגן מיסט
וועט ליגן אַ געפגרטע די שמשור,
— אָראַדור.

די שיין פון טאָג, וואָס גייט אויף חורבות אויף,
רופט אַלע פלאַטערן פון ווינט צונויף,
און לופטערט אויס דיין לעצטן רויך־געֿרוך
מיט מאָרגנווינט און גאָלד־געשטיקטן טוך
מיט סערפ־און־האַמער — שענסטער שטוקאַטור,
אָראַדור.

פּאַריז, 1945

## ביים אוהל פון י. ל. פרץ

יעדע נאַכט קום איך צו צו זיין אוהל
און כ׳קלאַפּ-אָן אינעם הייליקן שטיין,
און איך בעט , ווי מען בעט ביי אַ גואל:
זאָלסט מיין ליכט און מיין וועגווייזער זיין.

ווי ס׳קערט-אום זיך אַ שוואַלב צו דעם אַלטן,
צום אַמאָליקן דאַך פון איר נעסט,
קום איך צו, כ׳וויל מיין קאָפּ דאָרט באַהאַלטן
אין געצעלט, וואָס מיין בליק נישט פאַרגעסט.

כ׳ווייס נישט, רעד-איך צום קבר דאָרט, פאָטער,
פון מיין טאַטנס און מאַמעס געביין;
פון קיין קברים פון קרובים, פון נאָנטע —
זאָל-זשע ס׳קבר דיינס זייערס אויך זיין.

ס׳איז דיין היים אין דיין יאָרצייט פאַרשוווּנדן,
אין אַפּריל, אין דיין פּטירה-צייט גראָד,
מ׳האָט קיין ליכט צו דיין אָנדענק געצונדן, —
ס׳האָט אין אומקום געברענט אונדזער שטאָט.

און געאַמפּערט האָט זיך טיר-און-טויער,
און געראַנגלט האָט זיך יעדער שטיין,
אַז נישט אויפהערן זאָל אונדזער דויער,
אַז נישט אויסגיין זאָל קיינמאָל דיין שיין.

קום איך צו יעדע נאַכט צו זיין אוהל,
— ס'איז דער וועג דאָרט אהין — חורבות בלויז, —
און איך רוף צו זיין הייליקער מויער:
זיי די שוועל פון מיין היים, פון מיין הויז.

ווי ס'האָט משה אין מדבר, אין וואָגל,
געשלאָגן וואַסער אַמאָל פונעם שטיין,
וויל איך דאָרט, צווישן חורבות, היינט שלאָגן
פון דיין אוהל נחמה און שיין.

# די נייע היים

(לידער, משלים, קינדער־לידער)

# די שפין און דער פּאָעט

אין אַ ווינקל האָט אַ שפּין געהאַט
אַ שפּינערײַ, אַן אײגענעם װאַרשטאַט,
און טאָג און נאַכט אַזוי געװעבט, געשפּינען,
פאַר קײנעמסטװעגן, אָן אַ שכל, אָן אַ זינען,
שטאָפן, לײװנטן פון אַלע מינים,
נישט צו מעסטן מיט קײן מעטערס, קײן אַרשינען.
אַרבעט זי אַזוי טאָג־אײַן, טאָג־אױס,
גײט נישט קײנמאָל פון איר שפּינערײַ אַרױס,
שטענדיק אין די נעצן, אין דעם פּלאָנטער,
װײסט נישט קײנמאָל פון קײן אָפּרו, פון קײן יום־טוב,
פון קײן זונטיק, פון קײן שבת, פון קײן פרײַטיק,
װײסט נישט קײנמאָל פון קײן מידקײט, פון קײן װײטיק.

זיצט בײַם טישל קעגנאיבער אַ פּאָעט
און פאַרקוקט זיך אין איר װינקל און דערזעט
די שפּינערײַ, װו טעג אַזױ, מעת־לעתנװײַז,
איז די שפּין פאַרטון אין מי און פלײַס, —
לאָזט ער אױפן טישל זײַנע גראַמען־שפּינערײַען
און לײגט אַװעק די פּען, כדי זיך צו צעשטרײַען,
און װענדט זיך מיט אַ טענה צו דער שפּין:

— בהמה דו, װאָס האָט עס פאַר אַ זין
בסדר נאָר צו שפּינען און צו װעבן,
בעט דיך װער, זאָלסט גאָר די מי זיך געבן?
מיט די זײַטן האָרעװעט זי טעג און נעכט,
קניפּט און בינדט און שפּינט, און װעבט און פלעכט,
קײנמאָל נישט קײן רו, קײן רגע פרײַ —
װאָס־זשע האָסטו, שפּין, פון גאַנצן שפּינערײַ?

די שפּין איז אויף קיין ענטפער נישט געווען פויל,
האָט זי אויסגעטשוכעט זיך פון איר געוועב און קנויל,
און אָפּגעענטפערט מיט אַ טענה אויף דער טענה:
— נו, און דו, פּאָעט, דו חכם איינער,
וואָס גראַמען שפּינסטו, כאָטש עס בעט דיך גאָרנישט קיינער, —
וואָס דו זינקסט אין אותיות, ווי איך אין מיין געפלעכט
און ביסט אין גראַמען־נעץ געפאַנגען גאַנצע טעג און נעכט, —
וואָס האָסט ד ו, פּאָעט, דו קאָפּ־מענטש מיינער,
פון די שפּינעכצן און די געוועבן דיינע?

1945

## אַ פויגל ליגט אויף דרערד פֿאַרוואונדעט...

אכטונג, ס'ליגט אויף דרערד פאַרוואונדעט אין זיין עלנטקייט אַ פויגל,
ליגט אַ שטילער, און דער טרויער ליגט אין זיינע שטילע אויגן.
אַך, אַ ווייטיק, אַזאַ ווייטיק איז צו זען אַ פויגל ליגן —
מיט די פליגל נישט צו רירן, און זיין מונטער ליד — אַנטשוויגן.
זיך פאַרפלאָנטערט פאַר אַ שטורעם דאָ נישט לאַנג אין שרעק צעטראָגן,
האָט ער בלינד אין מיטן פליען זיך אין עפּעס אָנגעשלאָגן,
ליגט ער איצטער אין אַ ווינקל אין אַן איינזאַמען פאַרקליבן, —
זע נאָר, פויגל, וואָס עס איז דיר פון דיין פרייער וועלט פאַרבליבן.

ס'עסן, וואָס מען וואַרפט אים צו דאָ, איז אים שטאַרק אַזוי נישט ניחא,
ווייל דער שטייגער איז ביי פייגל שפּייז אַליין צו גיין זיך זוכן.
ווי־נאָר מ'האָט די שפּייז געפונען, נעמט מען הענדום־פּענדום איילן,
מיטן גאַנצן הויזגעזינד זיך מיטן ביסן באַלד צו טיילן...
נישט קיין היים און נישט קיין ברידער. ס'קריכן ווערים בלויז אַרום אים, —
ווער־זשע דען זאָל צו אַ פויגל, וואָס ליגט אויף דער ערד גאָר, קומען?
ווי אַ וואָרים זעען זיי אים, ווייל ווען דאָס זאָל זיין אַ פויגל
וואָלט ער דאָך נישט דאָ געלעגן, נאָר אין פרייער לופט געפלויגן... —
אַז עס זאָלן ווערים מיינען, אַז דו, פויגל, ביסט אַ וואָרים —
זע נאָר, פויגל, ווו דו ליגסט און וואָס עס איז פון דיר געוואָרן.

ס'מיידן אוים זיין אָרט די פייגל, פליען גיך פאַרביי, ווי ווינטן,
ס'איז זיי שווער אַ פריינט צו זעען, וואָס אַן אמת, אַ געזונטן,
זאָל אויף דרערד גאָר דאַרפן ליגן, ווי ער וואָלט געווען געבונדן,
בעסער וואָלט זיי שוין געווען, ווען ער וואָלט פון זיי פאַרשוואונדן...
ווי ער קוקט זיי נאָך אין פליען מיט אַ ווייטיק אין די אויגן,
אוי, ווי ער וואָלט אויך מיט זיי דאָרט אין דער בלאָער ווייט געצויגן!
ווי ער רירט דאָס קוים פון אָרט זיך — דאָך, אים ווילט זיך אַלץ נישט גלייבן —
וועט ער קיינמאָל שוין נישט קענען פון דער ערד זיך הויך פאַרהייבן?

אוי, ווי ס׳וואָלט זיך אים געוואָלט נאָך מיט די פֿליגל פֿריי באַוועגן,
אַ „גוטמאָרגן" קענען זאָגן זיינע אַלט־באַקאַנטע וועגן,
גלייך אַוועקגעלאָזט זיך וואָלט ער צו דער נעסט פֿון זיין באַשערטער,
מיט אַ פֿעדער אָפּגעווישט איר וואָלט ער ס׳פּנים דאָס פֿאַרטרערטע,
און איר אויסגעקושט די טרערן און דעם טרויער פֿון די אויגן, —
— וווּנדער! כ׳האָב צוריק די פֿליגל, כ׳בין מיט פֿייגל גלייך אַ פֿויגל!
ס׳זענען גוט צוריק די פֿליגל, ווייל אין פֿרייד, צי אין געפֿאַרן,
האָבן זיי דאָך צוגעדעקט דיך און דיך צאַרט אַזוי געוואָרעמט... —
און זיי וועלן ווייט פֿאַרשווינדן, ווי עס האָט די ליבע גערן,
נאָנט זיך האַלטן, ביז פֿון ביידע וועט איין פֿויגל מוזן ווערן...

ס׳דאַרף שוין זיין געזאַנג נישט קיינער, ווייל ס׳טוט ווי צו הערן זינגען
אים, אַ פֿויגל, וואָס זיין זינגען האָט פֿון יעדן דאָך געקלונגען,
ער, וואָס ביז דער זון פֿלעגט קענען הויך דערלאַנגען זיינע לידער,
זאָל גאָר איצטער דאַרפֿן ליגן אין געוויין און אין דער נידער, —
ס׳האָט שוין נישט קיין זין דאָס זינגען — בעטן פֿייגל זיך און זאָגן, —
ווייל אַ פֿויגל איז אַ פֿויגל, אויב ער קען אין לופֿט זיך טראָגן!
אַנדערש מוז ער ליגן הפֿקר, ווי אַ זאַך פֿאַר קיינעם נויטיק,
ס׳קען אים יעדער פֿוס צעטרעטן, גלייך ווי עפּעס מיאוס און קויטיקס,
ווי אַ שטיקל מיסט פֿאַרקערן קען אים פּשוט יעדער בעזים, —
אוי, דערמאַן זיך נאַר, דו פֿויגל, וואָס דו ביסט אַמאָל געווען.

1940

# דער טשוואָק און דער האַמער

— אוי! —
קרעכצט אַזוי
דער טשוואָק אונטער די קלעפּ פון האַמער,
וואָס פאַלן גרויזאַם, אָן רחמנות, —
היתכן, פרעג איך זיך, ווו איז נאמנות?
צי איז די ערד נישט אונדזער ביידנס מאַמע?
צי זענען מיר דען נישט געשמאָלצן פונעם זעלבן אייזן?
היינט ווי קענסטו דען אַזאַ געוואַלד באַווייזן
פון שלאָגן מיך —
און זיך —
אַ ברודער פונעם זעלבן מין? —

פרעגט אַזוי דער טשוואָק
און פונעם האַמערס יעדן שלאָג
בייגט דאָס קעפּעלע אַהער, אַהין,
לאָזט דאָס קעפּעלע אַראָפּ פאַר מורא,
און פאַלט אַראָפּ ביי זיך אינגאַנצן, ווי אַ יורד...

— שווייג, דו, מיאוס און נישטיק טשוועקל!
כ'מאַך דיך באַלד אוים חכם,
ווען סטו שוין פאַרשפּאָרן פרעגן מיך: „היתכן?" —
זאָגט דער האַמער, אַ פאַריסענער, מיט עקל,
און מיט אַ דונערדיקן קול אַ בייזן —
ס'איז אמת, און איך מוז עס דיר אָן ברירה גלויבן,
אַז מיר שטאַמען ביידע פונעם זעלבן אייזן,
נאָר היינט ביסטו דער טשוואָק פון אונטן און איך בין פון אויבן,
און איבעריק זענען דיינע עזותדיקע רייד,
ווייל ס'איז נאָך שיין, באמת, פון מיין זייט,

וואָס איך — איך לאָז זיך גאָר צו דיר אַראָפּ —
דערביי נאָך לאָזט ער אָפּ
דעם טשוואָק אַ דונער איבער די געהירן.
— העלפּט! —
בעט רחמים זיך דער טשוואָק פּאַרזונקען אין דער העלפּט,
און הייבט שוין אָן דאָס חיות צו פּאַרלירן.

— עס וועט נישט העלפן דיר דיין שרייען צו דער וועלט,
וואָס כדי מיך צו פּאַרמיאוסן, נעמסטו העכער קלאָגן!... —
פּאַרהייבט זיך ווידער גאַווהדיק דער האַמער מעשה העלד —
דערויף בין איך אַ האַמער איך זאָל שלאָגן!
איך בין דער אויסדערוויילטער, העכערער און שטאַרקער,
און דו — דו האָסט דאָ גאָרנישט וואָס צו זאָגן!

נו, יאָ, ער וועט שוין טאַקע גאָרנישט זאָגן מער — צו שפּעט —
ער ליגט שוין אין זיין קרקע —
אינעם לאָך פון ברעט...

1941

# דאָס פּישעלע

— פּישעלע, פּישעלע, שווים אַרויף צו מיר, —
רופט צום פּישעלע די וועגטקע־שנור,
ווינקט און בייגט זיך, פאַרלאָקערט און רעדט —
עס וויל דיר מיין שנירעלע געבן אַ גלעט...
האַלטן וועל איך דיך אין אַ גלעזערנעם שלאָס,
וועסט שווימען אין וועלעכלעך גאָלדיק און ראָז,
אין גלאַנץ פון זילבער וועל איך דיך צירן,
און מיט אייל און פוטער וועל איך דיך שמירן...

איז זיך פּישעלע מישב און דרייט אויס דעם עק,
און עס שווימט זיך צוריק, און עס שווימט זיך אַוועק, —
צום ערשט וועט עס שווימען דער מאַמעשי פרעגן,
און הערן, וואָס האַלט זי, וואָס זאָגט זי דערוועגן.

איז די פּישעכע פאַרפאָרעט ביי זיך אין דער היים —
אין שטיבעלע פון בלעטער, פון ריטער און שליים.
ווי נאָר זי דערהערט דאָס, אַזש ווערט איר נישט־גוט, —
זי באַגיסט זיך מיט וואַסער און פאָכט מיט אַ רוט.
— ווײַ איז צו מיר, וואָס איך הער!... ווײַ און ווינד
וועט זיין צו דיר, פּישעלע גאָלדנס, מיין קינד,
אַז צורעדן וועסטו זיך לאָזן צו דער שמד,
און פאַרלאָזן מיין שטיבעלע פון שליים און פון בלאָט!...
ליגן זאָלסטו, קינד מיינס, ביי דער מאַמעס שיפּן,
איידער דאָס צו הערן פונעם שקרם ליפּן.
ווייל ענג וועט דיר זיין דאָרט אין גלעזערנעם שלאָס,
נישט איינמאָל זיך וועסטו צעקלאַפּן די נאָז
אין די ווענט — אין דעם כלומרשטן דרויסן...
אויך מיט יענעמס צירונג זאָלסטו זיך נישט גרויסן,
ווייל דאָס שענסטע צירונג זענען דיינע שיפּן, —
אַז דו וועסט עס היטן, וועסטו זיין מיט גאַנצע ריפּן.
גלאַנץ פון זילבער זאָגט דיר צו דער פרעסער,
נאָר ווייס, דאָס איז דער גלאַנץ פון גאָפּל־מעסער...

# דער קאַטער און דער פֿויגל

איינמאָל ציט זיך אויס אויף דרערד אַ קאַטער,
מאַכט זיך פּלאַטשיק, דין, האַלט איין דעם אָטעם,
ווייל ער לויערט אויף אַ פֿויגל, קוקט אים נאָך און שנאַפּט אים,
און אין דער ערשטער רגע, ווען ער כאַפּט אים,
בייסט ער אים נאָר בלויז איין פֿליגל איין
און לאָזט אים ליגן לעבן זיך און טענהט מיט אים איין:
— רו זיך אָפּ, מיין פֿייגעלע, דו דאַרפֿסט זיך נישט באַמיען
צו וועלן נאָך אַמאָל פֿון דאַנען פֿליען,
דו ביסט אין מיין רשות, נאָר כ'טו דיר נישט קיין שלעכטס,
דו פֿעלסט מיר נאָך נישט צו צום היינטיקן געקעכטס,
און אויך אפֿילו נישט צום מאָרגנדיקן פֿרישטיק;
די אכילה און דער פּרעס, זיי זענען נישטיק
אַקעגן ווערט
פֿון הערן דיינס אַ שטיקעלע קאָנצערט.
כ'מוז מודה זיין, די לידער דיינע רירן מיך ביז טרערן —
פֿאַרגלאָצט דער קאַטער אין באַגייסטערונג די אויגן —
נאָר קיינמאָל האָב איך נישט געקענט דיך לייטיש הערן,
ווייל באַלד ביסטו פֿון מיר אַוועקגעפֿלויגן...
כ'האָב אָפּט געבעטן זיך ביי דיר:
זינג אויך עפּעס אַמאָל פֿאַר מיר, —
חלילה נישט געמיינט קיין שלעכטס, ווי גאָט איז מיר אַ פֿאָטער,
נאָר דו — דו פֿלעגסט מיך הערן, ווי דעם קאַטער...
מיט קנאה פֿלעג איך זען, ווי ס'איז דיר נישט געוועזן טייער
צו שענקען אַלעמען דיין מי און טרחה;
פֿלעגסט זינגען פֿאַרן קוימען, פֿאַרן דאַך פֿון שייער,
און פֿאַרן בוים , און פֿאַרן צלם פֿון דער קירכע,
נאָר איצטער ביסטו פֿון דעם אַלעם ווייט און פּטור,
און וועסט כאָטש איינמאָל מוזן זינגען פֿאַר אַ פּראָסטן קאַטער!...
דו שווייגסט, מיין פֿייגעלע? האָסט פֿינף מינוט זיך צו באַקלערן, —
אויב זינגסטו נישט, וועסטו די נעגל מיינע באַלד געהערן!

דער פויגל הערט
און שליידערט זיך און שלאָגט זיך קאָפּ אין דרערד,
עס שטעכן אים דעם קאָטערס רייד, ווי זיינע וואָנצעס,
און ער פאַרהייבט זיין בליק צום הימל און דערמאָנט זיך:
ווי שיין איז אַלץ געווען ערשט נישט לאַנג —
פליגל-פלאַטער, פרייהייט און געזאַנג.
איצט וועט ער זיך אַרויף שוין נישט פאַרהייבן,
איז וואָס-זשע האָט אַ זין פאַר אים אויף דרערד צו בלייבן?
און וואָס-זשע האָט דען שוין זיין זינגען פאַר אַ ווערדע,
אויב זינגען פאַר די נעגל פון זיין מערדער?
ניין, קיינמאָל וועט מען דאָס ביי אים נישט פועלן,
און מעג מען האָבן דאָרטן טויזנט מאָל באַפוילן!...
דערביי צעווײנט ער זיך פאַר בושה און פאַר ליידן,
אַזש ס'רעגט זיך אויף דער קאָטער טיף-באַליידיקט:
— העי, וואָס איז דאָס פאַר אַ וויינען, פאַר אַ קלאָגן?! —
זינגען!
דערויף האָב איך מטריח זיך געווען נאָך דיר צו שפּרינגען,
און דיך געברענגט אַהער צו טראָגן?! — — —
דו האָסט נאָך איין מינוט מיט פינף סעקונדן! —
האָט שאַרף דאָס גרינס אין זיינע אויגן זיך געצונדן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

מיט רויט פון שקיעה גיסט פון האָריזאָנט זיך,
און מיט רויט פון בלוט — פון שפּיזנדיקע וואָנצעס,
און אין אַ וואָלקנדל פון פעדערן — פון זיך אַליין,
וועט אויך דער לעצטער וויטפּיק באַלד פאַרגיין.
און אויף דער לעצטער און געהייליקטער סעקונדע
וואַרט שוין דער פאַרמשפּטער, ווי אויף אַ רעטונגס-וואונדער,
ווייל בעסער וועט ער שטאַרבן, איידער זינגען
פאַר דעם, וואָס וויל זיין ליד צו זיך באַצווינגען...

פּאַריז, 1942

## ליד וועגן אַ נישט-אויפגעשניטן בוך

אויפן טיש ליגט אַ בוך
אַ נישט-אויפגעשניטנס.
מעת-לעתן גייען דורך,
און טאָג נאָך טאָג,
און נאַכט נאָך נאַכט,
עס ליגט פאַרגעסן, אויסגעמיטן,
פון קיינעמס פינגער נישט באַרירט.
ליגט אַ בוך נישט אויפגעשניטן,
בתולהדיק פאַרמאַכט.

ליגט אַ בוך
און קיינער קוקט גאָרנישט אַריין דערין,
און ס׳שענקט אים נישט צומאָל אפילו קיינער
דעם אויפגעמיש פון פינגער.
וואָלט עמעץ כאָטש געגעבן אים
אַ ריס, אַ שטורך,
אַ וואָרף, אַ שליידער,
און וואָלט געקומען כאָטש אַ ווינט,
(וואָס קען זיך נישט אפילו אין די אותיעלעך די קליינע)
און מיט זיין קילן פאָך
געמאַכט אים גרינגער.
נאָר,
ליידער, ליידער. — — — —

דערווייל, דערווייל
האָבן צוויי פליגן זיך געמאַכט אין אים אַ וווינונג
אין אַ ווינקל פון אַ בויגן,
און צום נייעם חודש
זיך מיט האַק און פּאַק אַריינגעצויגן.

ליגט אַזוי אַ בוך
נישט אויפגעשניטן,
ליגט פאַרשעמט,
פאַרלאָזט,
פאַרזען,
ווי נעכטן, אייערנעכטן,
ווי געוועזן.

און ס'מוז אַוודאי זיין פּאָעזיע...

דאַכט מיר אָפּט,
ווי ס'וואָלט גערעדט צו מיר, דאָס בוך,
ווי ס'וואָלט צעגאַנגען אין געוויין,
און ס'וואָלט געבעטן זיך, ווי אין אַ תּפילה:
מאַך מיך אויף!
זאָל זיין מיט וואָס עס זאָל נישט זיין;
מיט אַ מעסער, מיט אַ שער, צי מיט אַ שרויף,
צי מיט אַ האַק, צי מיט אַ האַקמעסער אפילו,
זאָל זיין שוין מיט אַ גאָפּל, מיט אַ האָרנאָדל,
צי מיט אַ ריבאייזן, אַ וואַלגערהאָלץ,
צי מיט אַ פרענט אפילו, מיט אַ שטאַבע, —
נאָר מאַך מיך אויף!
ווייל אַ רחמנות און אַ ווייטיק איז מיר
פאַרן אָרעמען מחבר...

ליגט אַזוי אַ בוך,
פאַרגעסן, אויסגעמיטן,
פון קיינעמס פינגער נישט באַרירט,
ליגט עמעצנס אַ בוך נישט אויפגעשניטן,
בתולהדיק פאַרמאַכט.

נישט פאַר מיר געדאַכט...

## MERCI

אין מיין לעבן האָב איך שוין געוויס באַקומען
מיליאָנען דאַנקען, —
פאַר העפלעכקייט, פאַר גוטע זשעסטן, פאַר געשאַנקען.
צי ס׳איז מיר יאָ, צי ס׳איז מיר נישט געקומען —
האָב איך זיי שטענדיק אַלע גערן אויסגעהערט,
און אַלע גערן צוגענומען.
אַ דאַנק, —
אַ דאַנק פאַר אויפהייבן דעם קאַפעליוש פון דרערד,
וואָס דער ווינט האָט ביי אַ הער אַראָפגעריסן
און איז נאַריש, ווי אַ נישט-דערקוילעטע עוף, אַרומגעפלויגן;
אַ דאַנק — פאַר געבן עמעצן צוּוויסן
ווי שפּעט ס׳איז, צי דער וויפלטער ס׳איז היינט;
פאַר מיטגעפיל, וואָס אָנגעטרעטן האָב איך אומגערן אויף הינער-אויגן;
אַ דאַנק פאַר זאָגן פרויען, אַז זיי זענען שיין;
פאַר זאָגן אַ פּאָעט, אַז זיין פּאָעמע איז נישט שלעכט, גאַנץ פיין;
אַ דאַנק פאַר קלייניקייטן, נאַרישקייטן, שטותרייען,
אַ דאַנק פאַר גאָרנישט, וואָס איז גאָרנישט ווערט קיין דאַנק.
אָ, דאַנקען, דאַנקען אַן אַ שיר, וואָס לויטן אלף-בית
וואָלט איך געקענט זיי אויסשטעלן אין רייען
ווייט, העט-לאַנג.
אָ, דאַנקען, ווער געדענקט זיי אַלע דאָרט, ווער ווייסט.
דערפאַר, דערפאַר
איין דאַנק, איין-איינציקן וועל איך שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן,
אַ דאַנק, וואָס כ׳האָב באַקומען נעכטן אָוונט
פון אַ מעטראָ-בעטלער, אַ קלאָשאַר,
וואָס איז געשטאַנען ביי אַ וואַנט, געקייט עפּעס, געגעסן,
און נאָכגעשריגן מיר:
„מערסי"!... —
אַ ד אַ נ ק פ אַ ר ן נ י ש ט ה אָ ב ן א י ם ג ע ג ע ב ן אַ נ ד ב ה.

„מערסי״ ! — האָט ,דאַכט מיר, נאָכגעקלאַפּט זיין הילצערנע פּראָטעזע,
מיר נאָכגעקלונגען שאַרף — זיין טעפּעלע סאַנטימען, פראַנקן,
און ווי קאָשמאַרן שרעקלעכע, נערוועזע,
ביינאַכט געוועקט מיך פונעם שלאָף, קיין רו מיר נישט געגעבן.
„מערסי״! — געדענקען וועל איך אים, דעם דאַנק פון אַלע דאַנקען,
געדענקען לענגער פון מיליאָנען דאַנקען אין מיין לעבן.

## מיין אַרמיי...

איך בין אַ קאָמאַנדיר,
און אָט איז מיין אַרמיי —
צונויפגעשטעלט פון קליינע אותיות.
אויף וועגן — לאַנגע בייגעלעך פּאַפּיר,
זי גייט, מאַרשירט,
קוקט־אָן און זעט, ווי גרויס זי איז!
אויף פּלוצלינגדיק־געגעבענע אַלאַרמען
פון וועקנדן טרומייט — מיין פּען,
זי רירט,
פון האַרץ אַרויס — די טונקעלע קאַזאַרמע.
זי גייט, מאַרשירט,
אַהין, וווּ איך באַפעל נאָר,
אין שורות אויסגעשטעלטע
פון געהאָרכזאַמע, געטרייע זעלנער;
אין סטראָפן —
אין קאַלאָנעס לאַנגע, אין קאָלומנעס,
אומענדלעך ציען זיי
אויף שטחים אומגעהייערע,
וווּ ס׳נעמט מיין בליק אַרום נאָר.
ס׳קלינגט־צו צום ריטם זייערן
ס׳געשליפענע, געפּוצטע וואָפן
פון יעדן מין, פון יעדן קאַליבער —
מיט קוילן — פּינטעלעך, מיט שפּיזן — אויסרוף־צייכנס,
מיט ביקסן — די פאַרלייגטע אַפּאָסטראָפן.
אָט איז זי , מיין אַרמיי,
וואָס אַלע גרענעצן גייט זי אַריבער,
און אַלע לענדער, אַלע בערג און אַלע טייכן,
נאָר רירט אינערגעץ גאַרנישט אָן —

ניט מענטש, ניט ברויט, ניט ערד,
ניט קויל, ניט נאַפט , ניט אַרץ,
און איינגעמען וויל זי ניט מער
ווי דעם שטח פון אַ מענטשלעך האַרץ.

1946

# דער רויטער עפּל און די ווייסע עפּעלעך

אין אַ בעקן ליגן עפּל אַלערליי.
ליגן קליינע, ווייסע עפּעלעך, און צווישן זיי —
אַ גרויסער, רויטער עפּל.
הייבט דער רויטער עפּל אָן זיך טשעפּען
צו די ווייסע עפּעלעך די קליינע,
הערט נישט אויף פון זיי צו חוזקן און לאַכן,
זיך פּאַטשנדיק אין בויך אַריין פאַר נחת:
— אָט ווער ס'איז אייך אַ געראָטענער און שיינער,
זעט אַ שיינקייט פון אַן אויסדערווײילטער ראַסע,
נישט ווי איר, פאַרדאַרטע צוציקעס און בלאַסע!
ווּעמען נאָך, ווי מיך, פּלעגט רויט די זון באַצירן,
וועמען נאָך אַזוי, ווי מיך, האָט זי געצערטלט? —
הערט ער זיך נישט אויף צו לויבן און שטאָלצירן.

— זעט נאָר, ווי דאָס האָט זיך היינט צעווערטלט,
זעט נאָר, ווי צעגאַדערט זיך דאָס האָט שוין,
אַז נאָר אַ וואָרים זאָל אַריין אין אים און טאָטשען.
זעט נאָר, ווי דאָס האַלט פון זיך און קוועלט,
און ווייטער, אויסער אים, מעג אונטערגיין די וועלט. —
שפּרינגען־אונטער אַלע עפּעלעך צוזאַמען,
פאַרשעמט, די בעקעלעך אין בושה־פלאַמען,
נאָר ס'קומט נאָך אַלץ נישט זייער פאַרב צו יענעם,
צום גרויסן עפּל, וואָס ער פלאַמט אַרום, ווי אַ גיהנום, —
— קיינער האָט דאָך נישט זיין גורל אויסגעקליבן,
זענען מיר דען שולדיק, וואָס מיר זענען קליין געבליבן?
און חוץ דעם קענען מיר באַווייזן אים באַשיינפּערלעך,
אַז ס'זענען קלענערע נאָך דאָ פון אונדז, למשל, ווײַנפּערלעך.

נו, וועלן מיר, די גרעסערע, די וויינפּערלעך, חלילה שטערן?
וועלן מיר, חלילה, זיי אַקעגנזאָגן עפּעס? —
זאָלן זיי זיך אויך, ווי מיר, אין גאָרטן פּרוכפּערן און מערן,
יעדער האָט זיין אָרט אין גאָרטן: צי דער רויטער עפּל,
צי דאָס ווייסע עפּעלע, צי ס׳וויינפּערל, דאָס פּיצל... —
נאָר דאָ דערפילן זיי אויף זיך אַ פּריקרן קיצל, —
ס׳קול פון גרויסן עפּל: — שטילער, שנעקעס ווייסע! —
און רויטער ווערט ער נאָך דערביי פון פעטער עשו —
— אַקעגנרעדן וועט איר מיר נאָך דאָ מיט עזות,
איך וועל אייך באַלד דאָ געבן, אַז עס... —
ער קען נישט ענדיקן, ווי׳ עמעצער וואָלט אים דאָס מויל פאַרשטאָפּט.
אַ, נישט צום בענטשן לייגט ווער פינגער אויף זיין קאָפּ!... —
מיטן מעסער קנעפּלט אים די באַלעבאָסטע אויף די רויטע פלודערן,
(נו, און איצטער, אדרבא, זאָל ער רודערן!...)
זי שיילט אים אָפּ, ווי גרויס ער איז און ווי ער שטייט און גייט,
צוגלייך מיט אַלע עפּעלעך די ווייסע ביי דער זייט.
און רויט און ווייס — צעשניטענע אויף שטיקלעך ביז די גלאָמפּן,
צוזאַמען ליגן אויסגעמישט אין טאָפּ — אויף קאָמפּאָט...

1945

## שטיפערײַ

אונדזער קעצל קיצי־מיצי
איז אַ צער־בעל־חיימניצע,
האָט־זשע נישט אויף איר פֿאַריבל,
וואָס זי פֿילט צו בלוט אַן איבל.
עסן עסט זי נישט קיין פֿליישיקס,
האָט זי נישט צו מייז קיין חשק.
וואָס־זשע טוט זי, וואָס־זשע טוט זי,
אונדזער קעצל קיצי־מיצי?
ווען ס׳פֿאַרבענקט זיך איר אַ מויז
זוכט זי עפּעס אַנדערש אויס,
וואָס זאָל איר אַ מויז פֿאַרטרעטן...

שטריקט די באָבעשי שקאַרפּעטן,
קאַלערט זיך אויף דרערד די קנויל,
איז נישט אונדזער קעצל פֿויל:
ציט זיך שטיל, פּאַמעלעך אויס,
כאַפּט דעם באַלעם, ווי אַ מויז,
כאַפּט אים אָן און בייסט אים איין,
האַלט, און לאָזט אים ווייטער גיין,
און אַזוי מיט אים זיך שפּילט זי,
און אין אים אַ מויז דערפֿילט זי.

שטריקט די באָבעשי און שטריקט,
לאָזט קיין „אויג״ נישט אָפּ איר בליק,
טאַנצן שפּיזלעך, האַקן דראָטן,
טאַנצן אויף דער וואַנט די שאָטנס, —
נאָר ס׳איז נישט דער באָבעס עסק,
זי ווייסט איינס: צו שטריקן פֿלייסיק, —

זי וועט גאָר אויף שאָטנס קוקן?
ווער־זשע וועט שקאַרפּעטן שטריקן?

פּלוצלינג ווערט איר ענג און שמאָל,
ס׳גיט זיך איר נישט נאָך די וואָל,
ווייסט זי באַלד, ס׳איז קיצע־מיצע, —
— גיי, דו צולהכעיסניצע! —
גיט זי מיטן פּוס אַ טופּע
און אַ פּליעסקע מיט די ליפּן —
אַזאַ קיטשע־מיטשע־שמיטשע
וועט אַזוי מיך באַלעמוטשען,
וועט מיך גאָרנישט לאָזן טאָן, —
כ׳טו איר באַלד אַ מעשה אָן!
עסן עסט זי קרענק און ווייטיק,
כאַפּט גאָר וואָס איז איר נישט נייטיק,
ס׳איז נישט אַנדערש, נאָר אַ קליפּה, —
טוט זי פּריש מיט כעס אַ טופּע,
גיט אַ קאָטשערע אַ כאַפּ,
וויל איר אָפּמעסטן אַ קלאַפּ,
איז דאָך קיצי־מיצי אָבער
גיך־געשיקטער ווי די באָבע, —
וואָס־זשע טוט זי, וואָס־זשע טוט זי,
אונדזער קעצל קיצי־מיצי?
אונדזער קעצל איז נישט פֿויל,
כאַפּט דעם באַלעם אין איר מויל,
גיט אַ שפּרונג און גיט אַ לויף
און זי איז שוין אויפֿן הויף.
לויפֿט די באָבע צו דער טיר,
מיט דער קאָטשערע — נאָך איר.
און אַזוי גאַס־איין, גאַס־אויס,
און די וואָל, זי ציט זיך אויס,
ציט זיך דורך דער גאַנצער שטאָט,
בלייבט די באָבע בלויז ביים דראָט.
אויסגעדריוולט דער שקאַרפּעט,
אונדזער קעצל איז שוין העט

נאָך דער שטאָט, און באָבע שפּאַנט
מיט דער קאָטשערע אין האַנט,
קומען ביידע צו באַנאַנד
ביז צום סאַמע ראַנד פון לאַנד.

שטייט אַ וועכטער ביי דער גרענעץ,
קוקט אין הימל מיט אַ גענעץ,
ווי נאָר ער דערזעט זיי, באַלד
שרייט ער אויס צו ביידן: האַלט!
פירט איר נישט קיין שמוגל דאָרטן?!
קודם ווייזן די פּאַספּאָרטן!

קעצל הערט אים, ווי דעם קאָטער,
פון פּאַספּאָרטן איז זי פּטור,
מיט אַ שפּרונג אַ פלינקן — האָפּ! —
איבער וועכטערס ביקס און קאָפּ,
איז זי שוין אויף יענער זייט,
דאָרט, אין לאַנד ביי גוטע לייט,
וווּ מען טאָר זי גאָרנישט טשעפּען,
היינט שוין אָפּגערעדט פון קעפּן,
צי פון הענגען, אָדער שיסן, —

זי וועט נאָך פון שוץ געניסן!...

אַז זי וויל אין מייז פאַרגעסן,
אַז זי וויל קיין פלייש נישט עסן,
אַז זי וויל בלויז עסן מילכיקס! —
גיט זי אַ צעלאָך זיך הילכיק
מיט אַזאַ פאַרשייט געלעכטער,
שטייען באָבעשי און וועכטער —
ביקס און קאָטשערע אין האַנט —
און זיי דראָען ס׳פרעמדע לאַנד...

1945

## דאָס שעפּעלע

ווי דער סטאַדע, ס'האָט אַ דונער נאָנט פון איר געטראָפן,
אויף די פּיסעלעך די דאַרע זענען זיך די שאָף צעלאָפן.

ס'האָבן פונעם אַלטן דעמב, — דעם פלאַקערדיקן שייטער,
קוים באַוויזן פייגל פון די נעסטן מאַכן פּליטה.

נאָר איין שעפּעלע געבליבן איז אין וועלדל, אין דעם לויזן,
נישט באַוויזן... און דאָס פייער, אָנגעכאַפּט האָט זיינע קרויזן...

ס'איז געשפּרונגען ברענענדיק, דאָס שעפּעלע — שטיק פייער,
— מאַ-מע! מע! — גערופן צו דער מוטער, דער געטרייער.

פון דער וייט די סטאַדע האָט געקוקט, געזען דורך טרערן,
ווי די בייזע פלאַמען טוען ס'שעפּעלע פאַרצערן.

נישט גערירט האָט קיינער — ס'קענען אָנשטעקן די פלאַמען —
נאָר דורך אַלע וואַלן ס'הארץ געשפּאַרט האָט פון דער מאַמען,

און צום שעפּעלע אַוועק —איר טרער געקילט האָט זיינע ליידן —
ביז דער פלאַם דער בראַנדיקער פאַרצערט, פאַרציקט האָט ביידן.

## די ווינטער-זון

זעט אויס, אַז אויך דער זון ווערט קאַלט אום ווינטער,
ווען שניי באַלאַגערט שטאָט און וואַלד און צווינטער,
ווען טונקלע נעצן שפּרייט דער פראָסט אויף שויבן...
עס כאַפּט פון יוצא־זיין אַ בליק די זון פון אויבן.
זעט אויס, אַז פויל איז זי פון קעלט אויך דערמלט,
און ווי אַ קאַנאַניקל, שוואַך זי צאַנקט און פלעמלט;
פאַרהויכט מיט נעפּל — ווי דאָס גלאָז פון לאָמפּ — פאַרקאָפּטשעט,
אַריין, אַריין. טונקלקייט זי זינקט און טאָפּטשעט.

זעט אויס, אַז קאַלט איז אויך דער זון אום ווינטער,
טונט־אָן אַ פוטערפּאָס אַ שוואַרצן ווי אַ טינטער,
אין וואָלקנס וואַלענע זי הילט זיך איין פאַרבאַבלט,
בלויז מיט אַ מאַטן שטראַל אָן איינציקן זי גראַבלט.
אָט ציט זי אים צוריק, אויך ער גייט באַלד פאַרלוירן,
אַ שטיקל פּנים ווייזט זי — רויט, ווי אָפּגעפרוירן.
און שלאָפן גייט זי פרי, מאַכט נאַכט באַצייטנס,
זי דעקט זיך זאָרגפעליק אַרום פון אַלע זייטן
מיט גראָבע כמאַרעס — קישנס, איבערבעטן,
און ליב האָט זי ביז טאָג אַריין דעם שפּעטן,
זיך אונטער זיי מחיהדיק אָדורכצושוויצן
און חלומען פון נייע, זומערדיקע היצן...

# צוויי פערד

.1

ביי דעם קרייץ פון שטילע וועגן איז אַ שמידעריי פאַראַנען.
דרויסן, פאַר דער שמידעריי איז רואיק, שטיל אַ פערד געשטאַנען.

ס'האָט אים דאָס געבערענגטע צו פירן, פאַדקעוועס אים אָנצושלאָגן,
שטייט עס און עס לאָזט זיך, ווייל אַ פערד האָט גאָרנישט וואָס צו זאָגן.

קלאַפּט דער שמיד און ס'פּאַרעט זיך דער באַלעבאָס, ווי אַ מחותן,
זעט ער, ווי דער פוס פון פערד, וואָס ער האַלט־אונטער, הייבט־אָן בלוטן.

ס'האָבן אין דער טלאָ פון פערד די שאַרפע טשוועקעס שלעכט געטראָפן,
האָט צו אַלעמען געשריגן ס'פערדיש רויפלייש בלוטיק, אָפן.

ס'פערד אַליין האָט שטילגעשוויגן, מיט די אויגן קוים געפינטלט,
און ווי פריער, מיטן עק די פליגן אָפּגעיאָגט, געווינטלט.

נישט געטון קיין פּיפּס אפילו, נישט געטון דאָס מויל פאַרקרומען,
נישט קיין קרעכץ, ווי ס'וואָלט דעם ווייטיק שטיל אין זיך פאַר ליב גענומען.

און דערלעבן, ביי דעם שייד־וועג צוגעטשוועקט צום קרייץ געהאנגען
איז דער הייליקער און ביטער פון יסורים אַזש צעגאַנגען.

ס'איז געווען זיין קאָפּ אין דערנער אויסגעפּוצט און אויסגעסטראַיעט,
אויף די באַקן — ליידן־טרערן, פון יאָרהונדערטער פאַרסטאַיעט.

זיין געזיכט — פאַרקרומט פון ווייטיק — אַז אַ וועלט זאָל זען און הערן.
נאָר פאַר בושה האָט אים איצט דער קאָפּ נאָך מער גענומען שווערן,

ווי ער וואָלט פאַרשעמט זיך דאָרטן פאַר דער שטומער צונג בשכנות,
פאַרן פערד, וואָס לײדט און שווייגט און האָט צו קיינעם נישט קיין טענות...

.2

צוויי פערדן־קעפּ באַגילדטע פאַר דער יאַטקע צוגעשלאָגן.
צו דער יאַטקע איז פאַרפאָרן און זיך אָפּגעשטעלט אַ פערד־און־וואָגן.

ס׳האָט געברענגט צו פירן ס׳פערד אַ וואָגן פערדפלייש, אויסצולאָדן.
איז אַראָפּ פון וואָגן פלינק אַ יונג מיט רויט־פאַרשמירטע בגדים,

שטיקער פערדפלייש אויפן נאַקן גיך געכאַפּט, און ס׳פערד במחילה
האָט פאַרטיפט זיך אין דער טאָרבע האָבער און אין דער אכילה,

רודערט מיטן פּיסק די טאָרבע, קייעט, קייעט, און אינצווישן
טוט זיך במנוחה זיינע פערדישע באַדערפענישן.

פאַר דער נאָז פון פערד האָט שטיקער פערד דער יונג פאַרבייגעטראָגן —
זייטן גאַנצע, פולע פריידיקס — פונעם טונקלען שעכטהויז־וואָגן.

מיט איין אויג האָט ס׳פערד געקוקט און גאָרנישט נישט געזען מסתמא,
ווי די פערדן־קעפּ די צוויי באַגילדטע שילדן, די רעקלאַמע,

און כסדר אַלץ פאַרטיפט זיך אין דעם האָבער דעם געשמאַקן,
און געקייעט מיט הנאה, רייבנדיק אויף ביידע באַקן.

1946

# אין סוף-זומער...

אין סוף-זומער שניידט מען אָפּ פון פעלד די תבואה,
נאָכדעם פירט מען זי אַריין אין שייערס,
קלאַפּן מענטשן פון די זאַנגען אויס דאָס היות, —
נו, איז וואָס-זשע איז דאָס פאַרא נייעס?

גיבן זאַנגען ברויט און ווייסע חלה,
בלייבן אויך די הוילע שטרויען ניצלעך,
גאָרנישט גייט אויף אומזיסט ערד פאַרפאַלן —
מען צעשניידט די שטרויען אויף פּויק-פּיצלעך.

עסן פערד פון שטרוי מאכלים פיינע,
ווי די מענטשן ס'ברויט — גאָר אַפּעטיטלעך,
שטיל געלאַסן קייען-איבער זיך די ציינער,
פון די קאָריטעס און טאָרבעס — גאַנץ געמיטלעך.

נאָכן עסן טוען זיי, ווי ס'איז דער שטייגער,
דאָס, וואָס איז פון עסן דער פועל-יוצא, —
מאַכט זיך קיינער נישט דערפון קיין דאגות, —
ס'קלויבן מענטשן אויף דאָס מיסט — אַן אוצר!...

זענען פערד שוין נישט קיין פרעסערס קיין אומזיסטע,
אָפּגעדאַנקט פאַר גוטס, געטון זיך זייערס.
איצטער ווערט דערמיט דאָס פעלד באַמיסטיקט,
און ס'וועט ברויט דערפון אויפסניי געדייען.

וועט מען ווידער שניידן, דרעשן, מאָלן, באַקן,
ס'וועלן טישן זיין מיט ברויט געגרייטע,
ס'וועלן קייען פערד דאָס שטרוי ס'געשמאַקע, —
נו, און אַזוי ווייטער, אַזוי ווייטער...

## אין שפּאַן

צעבריקעוועט, צעיאַכמעט, לויפן גיכע
מיטן וואָגן — פערד און פערדעליכע.
צווישןביידע איז דער דישל אין דער מיט.
שפּאַנט מען אויף די וועגן אַלט-באַקאַנטע,
פאַרגעסט מען אָפט, אַז מ׳איז גאָר איינגעשפּאַנטע,
און קאָפּ צו קאָפּ זיך לאַשטשעט, בייגט און ציט...

נאַקעט איז דער נאַקן, שיין, ווי תמיד,
ליגט ער אָבער איינגעקוועטשט אין כאָמעט,
רייסט זיך פון געשפּאַן דער חשק — פריי!
ס׳ווייסט דער פערדספּאַרשוין ווי גוט ס׳איז פערדעליכע,
איר גלאַטע פעל איז אים גאָר ליב און ניחא,
ער גיט אַוועק פאַר איר דעם גרעסטן בוידעם היי...

עך, ווען נישט דער כאָמעט דער פאַרשיווער,
איין פלאָנטער וואָלט געווען פון ביידנס גריווס,
פון אַלע גלידער וואָלט געווען איין גליד.
דעם קאָפּ פאַרוואַרפן ווילט זיך, דעם פאַרשייטן.
עך, וואָלט איצט אַריין איין פערד אין צווייטן! —
נאָר צווישן ביידע איז דער דישל אין דער מיט...

## דאָס לאָשעקל

היימיש איז דער קאַנט, באַקאַנט ,
ס׳שפּאַנט דאָס פערד געשפּאַנט און שפּאַנט,
פאָרנט גייט עס אינעם יאָך,
הינטן ס׳לאָשעקל גייט נאָך.
לאָשעקל איז יונג און קליין,
קען ער פאָרנט נאָך נישט גיין.
משא איז פאַר אים נאָך שווער,
ס׳איז ביים וואָגן אויף דער לער.
ס׳האָט די מאַמע אים געהאַט
אייערנעכטן ערשט כמעט,
אויף אַ פרישער קופּע שטרוי,
אָן אַ הייבאַם, אָן אַן „אוי״.
גלייך געטון צום היי אַ שמעק
און צום דרויסן זיך אַ שטרעק.
גלייך פון קימפּעט האָט דאָס פערד
זיך צום וואָגן אומגעקערט,
אין די האָלאָבליעס אַריין,
נאָר דאָס מאָל שוין נישט אַליין, —
עפּעס אייגנס גייט אים נאָך,
ליב פון לייצעס איז דער פאָך,
ס׳טוט נישט ווי דער בייטשן־שמיץ,
קילער איז אין וועג די היץ,
און אין דישל — נישט פאַרצאַמט,
און דאָס היי איז מער באַטעמט —
אַז דו ווייסט, פון הינטן גייט
לאָשעקל, אין וועג באַגלייט.

הירזשעט לאָשעקל פאַר פרייד,
אַ פערדאַטש, אַ גאַנצער לייט,

ווי די מאַמע אויסן אויג.
גיט עס מיטן קאָפּ אַ בויג,
גיט אַ שאָקל ווי אויף יאָ:
„גאָרנישט מיאוס דאָס וועלטל דאָ,
יאָ, ס׳געפעלט מיר גאָר, עס טויג״ —
גיט עס ווידער זיך אַ בויג,
ווי עס וואָלט באַגריסט מיט לויב
דאָ אַ פויגל, דאָ אַ טויב,
דאָ אַ וואַסער, דאָ אַ בוים,
נאָר ווען ס׳זעט דער מאַמעס צוים
ווערט אים פריקרע און נישט-גוט;
זעט ווי ס׳פּאַלט אויף איר די רוט
כאַפּט אים אַ רחמנות אָן,
ווילט זיך שטעלן אויבן-אָן
און פאַרשטעלן מאַמעס לייב
ווען די בייטש גיט זיך אַ הייב.

מיטאָג-צייט, אַ חמימה, היים,
פון דער מאַמען רינט דער שוויים,
קוקט דאָס לאָשעקל און זעט,
חלשט געבן איר אַ גלעט
און איר אָפּווישן דעם שוויים,
ווייל דאָס לאָשעקל שוין ווייסט
ווי צו פאָכען קיל און פיין,
מיטן עק זיך אומצוגיין.
פליגן אויף דער מאַמעס קאָפּ,
שטעלן ביי אַן אויג זיך אָפּ,
שטעלן דווקא זיך אַוועק
וו עס גרייכט נישט מאַמעס עק.
האָט דאָס לאָשעקל פאַרדרוס,
גיט אַ בריקע מיט אַ פוס,
רייסט זיך פון דער הויט אַרויס,
וויל נישט גיין פון הינטן בלויז,
וויל שוין, ווי די מאַמע, זיין
גרויס, מיט איר אין שפּאַן צו גיין.

*

העלפֿן מיט אַ פּאַך, אַ ריר,
שלעפּן משא גלייך מיט איר,
כאַפּן שמיין אַזוי ווי זי,
ס'זאָל אים טון אין לייב אַ ברי,
ס'זאָל אים בריען ביזן ביין —
און דער מאַמען — גרינגער זיין.

# דער פונק

קלאַפּן פּאַדקעוועס אין ברוק,
טוט דאָס פערד צום שטיין אַ קוק:
ס׳שפּריצט אַ פונק. אַ פייער-שטיק,
ס׳ווערט אַזש ליכטיק אים אין בליק,
און עס שטוינט: אַווּאַ, ווי שיין!
שמייכלט פערדיש מיט די ציין,
און עס גאַפט אַזוי און קלערט:
ווען-זשע האָט מען דאָס געהערט,
אַז אַ נאַריש-פּראָסטן סום
זאָל זיך שיטן גאָלד פון פום?...

גיבן פונקען זיך אַ שיט,
גלייבט דאָס פערד אַליין זיך ניט,
ער זאָל האָבן דאָס געקענט,
ער, וואָס האָט קיין שום טאַלענט...
האַלטן נעמט ער באַלד פון זיך
מער פון די , וואָס טראָגן שיך,
און וואָס עסן נישט קיין היי —
טאַקע, ווי קומט ער צו זיי?
און עס פאַלט אים גריילעך איין,
אַז ער קען אַן עושר זיין;
שאַרן קען ער שטיקער גאָלד —
נאָר נישט זיין קיין פערד, קיין יאָלד!... —

נאָך זיין שטאַרקן טופּ און קלונג
וועט ער כאַפּן יעדן פונק
אין זיין טאָרבע-זאַק אַריין,
יעדן פונק — אַן איידלשטיין;

אַ שטיק גאָלד פון בעסטן סאָרט,
וועט אין זאַק זיך ליגן דאָרט,
עלעהיי עס ליגט אין באַנק...
אַזוי קלויבן וועט ער לאַנג
ביז ס'וועט ווערן מער און מער,
ביז דער זאַק וועט ווערן שווער,
ביז דער זאַק, קיין שום בייז אויג,
פול וועט ווערן ביז צום אויג.
שטאָט דעם שלעכטן, פוילן היי,
שטאָט דעם האָבער — קיי און שפּיי,
זיין וועט דאָרטן אַ פאַרמעג,
גרעסער פונעם לענגסטן וועג:
פון שמאַראַגד און פון בריליאַנט;
זילבער — מיט דער פולער האַנט;
גאָלד מיט דימענטן פאַרבראַקט —
אַלע פיינע פערד געזאָגט!...

און ווי נאָר ער וויל דעם פונק
מיט דער מאָרדע טון אַ שלונג,
אים באַהאַלטן און דערנאָך —
כאַפּן פונקען נאָך און נאָך,
ווערט אים פינצטער, ווײ־און־ווינד,
ס'גיט דער פונק גאָר אַ פאַרשווינד,
ס'לעשט זיך אים דער אוצר אויס,
ביי דער טאָרבע בלייבט ער בלויז.
און די שטיינער, קליין און גרויס,
לאַכן פונעם פערד זיך אויס.

## אַ חתונה

ערגעץ דאָרטן, סאַמע אויבן,
פליט אַ חתונה פון פייגל:
חתן־כלה, מחותּנים,
אונטערפירער, ווי דער שטייגער,
באַלעבאַטים שיינע, יוסטע,
פון די צדדים, פון די ביידע,
נישט געזעען נאָך אַזוינס!
פליט די פייגלערישע עדה,
מיט געפילדער טראָגט זיך הויך;
פריילעך, לעבעדיק און לוסטיק,
פליען קרובים, פליט דער עולם,
חשוב, אָנגעזעען, גרויס,
און נאָך אים, קיין עין־הרע —
פייגל פון אַ גאַנץ יאָר אויך...

די קלעזמאָרים מיט די כּלים,
צום באַשפּילן, צום באַגלייטן
מיט די פידלען, די קלאַרנעטן,
מיט די צימבלען, מיט די פלייטן,
מיט די פּויקן, מיט די באַסן,
און מען פליט, און פליט, און פליט,
מיט אַ ניגון, מיט אַ ליד,
און מען פליט, און פליט, און פליט,
ביז די פליגלען ווערן מיד...

פּלוצלינג הערט מען ווי עס ברומט,
פּלוצלינג זעט מען, ווי עס קומט
אַקעגן זיי אַן עראָפּלאַן.
זאָגט אַ פויגל, אַ מחותּן:
— שאַטס, איך האָב אַ פּלאַן אַ גוטן!

כ'זע, אז מ'זעמער שטאַרק שוין מיד,
ס'שטעכט און ברעכט אין יעדן גליד,
ווערט מען זעצן זיך אַ ווײַלע
אויף אַ פליגל פון דער כלי,
דאָס, רבותי, איז מײַן פּלאַן:
מ'זעצט זיך אויפן עראָפּלאַן;
אי מ'עט רוען, אי מ'עט פליען,
אי די פליגל נישט באַמיען...

און כך הוה —
מ'האָט געזעצט זיך
און די חתונה געפּראַוועט,
מ'איז געזעסן און גערוט:
חתן־כלה, מחותנים,
קרובים, צדדים,
קליין און גרויס,
אַזאַ שמחה, אַזאַ עולם,
נישט געזען נאָך אַזוינס...
מ'האָט אַראָפּגעלאָזט די כלים,
די קלאַרנעטן און די צימבלען,
און די פלייטן און די באַסן,
און די פידלען און די פּויקן,
און מען איז אַזוי געזעסן, —
אי געזעסן, אי געפלויגן,
אי געפלויגן, אי געזעסן...

און ויהי —
עס איז געוועזן
אין די יאָרן פון מלחמה,
און דעם שונאס עראָפּלאַנען
זענען פּלוצלינג אָנגעקומען, —
אָנגעקומען מיט אַ זשומען,
מיט אַ זשומען, מיט אַ ברומען,
צו די כלים זיך גענומען.

ברענט די שלאַכט שוין
און מיט פייער
זיי באַוואַרפן און באַשיטן —

און די חתונה — אינמיטן...

האָט אַ פלאַם געטון אַ סמאַליע,
האָט אַ פלאַם אַ דריי געגעבן
פונעם עראָפּלאַן די פליגל
און צוזאַמען מיט די פליגל
פון די פייגל, חתן־כלה ,
מחותנים און קלעזמאָרים
מיט די כלים, מיט די פידלען,
מיט די פויקן, מיט די באַסן,
מיט די צימבלען, מיט די פלייטן,
מיט די קרובים, די באַגלייטערס,
מיטן עולם, קליין און גרויס, —

און די חתונה איז אויס...

1945

# די פליענדיקע באָמבע און די פליענדיקע טויב

געפלויגן איז אַ „פליענדיקע באָמבע" אויפן וועג קיין לאָנדאָן,
האָט אַ פליענדיקע טויב דערזועען זי און זיך צו איר געוואָנדן
מיט אָט די ווערטער:
— זייט מוחל, פעטער, כ׳בין דאָך נישט קיין פרעמדע, הערט איר,
און אויך שוין נישט קיין היינטיקע אין דער משפחה פייגל;
כ׳קען יעדן מין פון יעדער נעסט און יעדן צווייגל,
נאָר אייך, איך זע אייך ס׳ערשטע מאָל פאַר מיינע אויגן.
וואָס־זשע זענט איר פאַר אַ מין, מיין ליבער פויגל?...
איך, איך שטעל זיך פאָר, איך בין אַ כשרע און ריינע טויב.

— אַ טויב? — פרעגט איבער זיך די באָמבע, ווי זי וואָלט געמאַכט זיך טויב —
זאָל זיין אַ טויב. איך זוך נאָר דאָס, וואָס לעבט, מיין זיסע, —
ברומט די באָמבע און זי בלאָזט און פּאָכט מיט מיתה. —
אַזוי, איז, הייסט עס, פליען מיר צוזאַמען,
איך מיין, דאָס פריילין וועט נישט ברוגז זיין מסתמא
אויב כ׳וועל זי באַגלייטן,
ווי דער שטייגער איז ביי לייטן,
(וועט זיין באַלד, טראַכט די באָמבע, נאָך עפּעס צו טייטן...)
איך ווער כ׳בין? איך בין ס׳מיזיניקל פון די מלחמה־געטער.
כ׳שמעטער
אַלץ, וואָס איך טרעף־אָן און איך באַגעגן,
ווייל אַלץ וואָס לעבט איז אָנגעצייכנט, ווי פון גאָט, פאַר מיינעטוועגן.
פייער — איז מיין מין
מיין נעסט — בערלין.
ווי נאָר זיך אויסגעפּיקט פון אייערשאָל — פון דעם שגעונדיקן שאַרבן —
פלי איך ,
מיט צוגעמאַכטע אויגן, בלינדערהייט נאָך צי איך

צו אַלץ, וואָס דאַרף נאָר אונטער מיינע פליגל שטאַרבן.
און דו, מיין טייבל, מיט דיין פליען וואָס באַצוועקסטו? —
פרעגט די פליענדיקע באָמבע און באַשמעקט זי
מיט איר חוש־הריח.

— איך, ווי מען זעט, נישט אויף קיין אָרט, חלילה, שטיי איך —
ענטפערט איר די פליענדיקע טויב — איך פלי.
שוין פון כמה יאָרן גיב איך מיר אַזוי די מי
אָפּצוזוכן אויף דער ערד אַן איילבירט־צווייגל,
ס׳זאָל שלום הערשן צווישן מענטש און מענטש, ווי צווישן פייגל,
נאָר היות, אַזוי ווי איך געפין נישט — פלי איך ווייטער.

— שלום, הערסטו! — לאַכט די באָמבע אַלץ שגעונדיקער און פאַרשייטער —
שלום, כאַ, כאַ, כאַ! — אָט גיב איך אַלצדינג אַ דעק־צו,
און זיין וועט שלום אייביקער און רו...

— אַזוי גאָר? זענט איר דאָס אַזאַ מין פויגל? —
קוקט דאָס טייבעלע פאַרחידושט און עס פינטלט מיט די אויגן —
ווי איז מיר, ער רוט נישט קיינמאָל, שטענדיק פליט ער,
רעדט פון היץ, נישט דאָ געדאַכט, און פייער,
און אייער
ווען־זשע ברייט ער?...

— אייער־שמייער! — לאַכט די באָמבע ערשט מיט שפּאָט און חוזק,
רייסט זיך איר געלעכטער הילכיק־ברוזיק —
אייער גאָר — דאָס איז פאַר נעסטן־זיצער,
און נישט פאַר מיר, דעם הימל־בליצער,
און נישט פאַר מיר, דעם כמאַרע־שפּאַלטער,
דעם מלחמה־האַלטער! —

לאַכט די באָמבע און זי האַלט זיך פאַר די זייטן,
אַזש פון געלעכטער פּלאַצט זי אויף באַצייטנס,
ווערט רויט און בלאָ, און גיט זיך ראַפּטום אַ צעשפּריץ.
געכפּלט איז דער טויט אויף שטיקלעך, אויף פּיץ־פּיץ,

און בוים, און בעט, און קינד, און פויגל ליגן שוין צעריבן.
און פונעם טייבעלע איז בלויז איין־איינציק פעדערל געבליבן,
טראָגט ער זיך אַרום. אין גרינגן ציטער,
איבער חורבן און צעשפּריצטע טויטן־שפּליטער,
הייבט זיך אויף צו קלאָרע וואָלקנדיקע הייכן
און פאָכעט ווי אַ ווייסער שלום־צייכן.

1945

# דער גרויסער ווייזער און דער קליינער ווייזער אויפן ציפערבלאַט

דער גרויסער ווייזער און דער קליינער ווייזער אויפן ציפערבלאַט
האָבן נישט געלעבט בשלום צווישן זיך,
גאַנץ אָפט געווען צעקריגט, אויף מעסער־שטעך כמעט.
נישט פאַרטראָגן האָט דער גרויסער, וואָס דער קליינער גייט נישט אַזוי גיך
ווי ער, דער אָנגעזעענער, דער גרויסער ווייזער.
פון אומרו אָפּגעלאָזט, האָט ער געדרייט זיך און געברומט, אַ בייזער
פון אומצופרידנקייט, וואָס שטאָט דעם קליינעמס פינף מינוט
אַרומגיין מוז ער אויפן ציפערבלאַט אַ קימאַ לן און אַזוי גוט
ווי פּינקטלעך און גענוי אַ גאַנצע שעה.
און ווען עס פלעגן ביידע זיך צוזאַמענקומען ערגעץ ביי אַ ציפער,
איז, הימל עפן זיך, אָט דאָ
די שנאה נאָך געוואָרן גרעסער, טיפער.
מ׳האָט נאָר געהערט: „דו לאַנגער פלאָקן״, „קליינער קריכער״, „באַלעמוט״
און נאָך אַזעלכע צונעמען, אַשטייגער,
ווי „קורצער פּרייטיק״, — „הויכער דראָנג״ , „צעלייגער״.
און ס׳איז געשטאַנען, זיך פאַרשפּעטיקט, און געשאָטן בלויז באַליידיקונגען,
אַזש ס׳איז געווען אַ חרפּה ממש פאַרן זייגער,
ביז אויף צום רופן זיי צו אָרדענונג האָט ער די שעה געקלונגען,
ווי ס׳קלינגט אַ פאָרזיצער, אַ פּרעזידענט, און מיטן גלעקל שוויצט ער,
נאָר נישט באַרואיקן האָט ער געקענט די ווייזערס די צעהיצטע.
כאָטש קליין, האָט זיך דער קליינער ווייזער שטאָלץ געהאַלטן, הויך,
געטענהט: כאָטש פּאַמעלעך, איז זיין גיין גאָר וויכטיק אויך,
בכן, צוואָס דאָס איילעניש? וואָסי? ווו ברענט?...

די חוצפּה האָט דער גרויסער ווייזער שענקען נישט געקענט
און איז אַרויס פון אַלע שרייפּעלעך און כלים,
און אויפגעמאַכט אַ פּיסקל טאָקע ווי אויף שרויפן,
אַז אויב דער קליינער ווייזער וועט נישט הערן בשום־אופן

און וועט נישט אונטעריאָגן זיך, ווי ער, און איילן
און וועט נישט גיין מיט אים אין שפּאַן, ווי ער, דער גרוסער ווייזער, —
איז וועט ער ווייזן אים אַ גיין,
און נאָך פאַר זיין אַקעגנרעדן שיין,
אַז גיין וועט ער ביי אים איבער די הייזער! ...
און איינס און צוויי און גיך
וועט ער אים אַפּטשעפּען פון זיך,
אים אָפּרייסן פון זייגערס לייב־און־לעבן,
קיין האָן זאָל נישט אַ קרייע טון, ס'געוועדק — אַ קרעכץ נישט געבן, —
אַהאַ, מען קען פאַרלאָזן זיך, ער איז אויף אַלץ קאַפּאַבל!

און אָט דאָס איז דער סוף פון אונדזער פאַבל:
דער גרויסער ווייזער האָט זיין איינציקן, זיין נאָענטן שכן,
מיט ווילדן כעס און מיט רציחה אָפּגעבראָכן,
געגעבן אים פון זיך אַ זערג, אַ שליידער. — — — — —

און ס'גייט דער זייגער ווידער זיך זיין גאַנג, זיין סדר,
אָן שטערונג שפּאַנט דער גרויסער ווייזער פריי, אַליין, בלויז איינער.

נישט מער, ווי שפּעט ס'איז, פרעגט בהרם, ווייסט נישט קיינער...

## די באַנקעס און די קעלישקעס

אין אַ שויבן־שאַנק געשטאַנען
זענען קעלישקעס און באַנקעס.
איז מען קעלישקעס מהנה,
און די באַנקעס שטעלט מען קראַנקע.

ווער ס'דינט שמחות, ווער אין טרויער,
ווער אין פרייד, ווער אין אַ צרה.
אַזוי דויערט עס און דויערט
שוין פון כמה, כמה יאָרן.

גייט מען ווען פאַרביי מיט אימפּעט,
באַלד די שויבן־שאַנק זי ציטערט,
הערט מען, ס'גלאָזוואַרג רעשט און קלימפּערט
און עס אַמפּערט זיך פאַרביטערט.

יעדער צד זיך גרויסט און פּעדערט,
און פאַרשרייט דעם צווייטן הילכיק,
ס'וויל באַווייזן דאָס אַ יעדער,
ווער ס'איז וויכטיקער און בילכער.

און מען ווייזט זיך אויף דעם יחוס,
און מען וואַרפט זיך פאָר חסרונות:
— ווען ג ע ז ו נ ט איז אונדזער שליחות,
דינט איר שיכורע פאַרשווינען! . . .

אַזוי גייט־אָן די מחלוקה:
דער איז גרוים און דער איז נישטיק;
דעם גאָר שטעלט מען אויף אַ הויקער,
דעם גאָר — אויף אַ קלאָרן טישטעך...

קלימפערן די באַנקעס: אמת,
גלאָז איז אונדזערביידנס שורש,
גאָר ווער קערט זיך אָן מיט וועמען,
אַז בלויז גוטס איז אונדזער יורש?

ווער טוט מצוות אָן אַ שיעור? —
צו דעם העק דעם וויסט־פאַרשלעפּטן
איז מען זיך נאָך אונדז מטריח.
מען פאַרשרייבט אונדז אויף רעצעפּטן!

כאָטש דאָס זעלבע גלאָז געוועזן,
איז היינט גוטס בלויז אונדזער מידה,
ס'ווערט דורך אונדז דער מענטש גענעזן,
צו די כוחות קומט ער ווידער.

אונדזער גאַנג — אַ פאָרזיכט־שטילער,
אונדזער קלאַנג — פול פאָרכט און אימה,
איבער אונדז, צו גאָט, אין תּפילות,
בעט מען אַ רפואה־שלימה.

זענט איר, קעלישקעס, גאָר גרעסער?! —
בלאָזן זיך די באַנקעס בייכיק, —
אַז מען נוצט אייך, בליצן מעסערס,
און מען טראָגט זיך מיט געשריי: כיק!

און מען כלאָיעט און מען פּיעט
און מען זויפט און מ'לאָזט זיך וווילגיין,
און מען שיכורט אָן אַ שיעור,
ווען איר נעמט פון מויל צו מויל גיין.

רוישט אין קאָפּ ווי אין אַ בינשטאָק,
און די גאַסן קרום גאָר ווערן,
און אַ היים איז דאַן דער רינשטאָק,
און אַ ווייב איז דער לאַמטערן...

— שטילער דאָרטן! — אומגעדולדיק
קלינגען קעלישקעס פּאַרדריסלעך,
בלייבן נישט קיין ענטפער שולדיק,
טענצלען־אונטער אויף די פיסלעך:

— אַז מען נוצט אייך, שטילע צנועות,
איז אַן אומגליק און אַ בראָך איז;
ס'שמעקט מיט ביטערע רפואות
און מיט היץ און מיט קדחת.

ס'שרעקן וויטיקן, געפּאַרן,
דאָקטערס ביסטרע אויגן־גלעזער,
ס'שמעקט מיט קאַנעס, מיט קאַטאַרן,
מיט אַפּטייק און פייכטע נעזער.

אַז מען דאַרף אייך, איז מען חרוב,
איז מען שלאָף, נישט אויף קאַטאָוועס,
ס'ווייכט אייך יעדער, ווייל אַ קרוב
איז מיט אייך דער מלאך־המות...

אָבער אונדז, ווען מענטשן נוצן,
נישט ביים חולהס בעט צוקאָפּנס,
ווייל איז!... ווייל אַ לעבנס־ניצוץ
שמעקט אין אונדזער מינדסטן טראָפּן!...

צער און טרויער זיך פאַרלעשן,
אַלץ ווערט לעבעדיק און לוסטיק,
אויפגעשטאָפּטע, ווי די פלעשער,
זענען הערצער אין די ברוסטן.

ס'שפּיגלען זיך אין אונדז געטראַנקען,
וואָס עס רופט דאָס מויל נאָר אָן: פון
וויין אוןווישניק, שנאַפּסן בלאַנקע
און אויך ווייבערישער בראָנפן.

טרינקט מען, פרייט זיך ערד און הימל,
און ס'איז קינד־און־קייט צופרידן,
אַז מען נוצט אונדז איז אַ סימן,
אַז אַ שמחה איז ביי יידן! — — —

אַזוי קריגן זיך די צדדים,
און עס גייט־אָן די מחלוקה,
ביז דער האַס ווערט אויסגעלאָדן
און מען בוכצעט זיך און בויקערט...

מ'האָט געשלאָגן זיך פאַרביטערט
ביז אין שויבן־שאַנק פאַרבליבן
זענען פון די צדדים שפּליטערס,
אויסגעמישט, צעהאַקט, צעריבן.

ווער איז גרויס און ווער איז נישטיק?
ווער ווײסט דאָ דערקענען יחוס
אין דעם גלאָז דעם אויסגעמישטן,
אין די שפּורן פון רציחה? ...

1946

## צווייִ הענער...

אין שפּיגל קוקט זיך גדלותדיק אַריין אַ האָן,
דערזעט ער ווי אַ צווייטער האָן אַנטקעגן אים קומט אָן,
און וואָס ער פּרוווט נאָר טון, דער צווייטער טוט אים נאָך,
ווי נאָר ער גיט זיך מיט די פליגל אַ צעפּאָך,
טוט אים יענער נאָך געשווינד און מיטן אויגנבליק,
און ווי ער גיט נאָר מיטן שנאָבל דאָרט אַ פּיק,
פּיקט אויך דער צווייטער — גלייך אין שנאָבל אים אַריין.
אַזאַ פאַרשייטקייט, אַזאַ חוצפּה, ווי געמיין!
אַזאַ מין נאָכשפּעטער און צולהכעיסניק, ווי יענער,
קען ער גאָרנישט צווישן אַלע היגע הענער!
ווי נאָר ער גיט אַ קריי — צעקרייעט זיך דער צווייטער גלייך,
דעם קאָפּ, ווי ער, מיט שטאָלץ פאַריסן אין דער הייך.
כאָטש ס׳קרייען יענעמס קומט נישט צו זיין מינדסטן טאָן,
בלויז פאַלשקייט איז עס, אויך מיר דאָרט אַ האָן!
אַ גראַמאָפאָן איז דאָס, נישט קיין מנגן,
און דאָס גייט זיך מיט אים פאַרמעסטן, פּרוווט זיך וואָגן!
אַ קול האָט עס, וואָס גייט ווי פון אַ הוילן-פאַס —
שפּרינגט-אויף דער האָן אַליין מער אין רוגזה און אין כעס —
סך־הכל טויג ער שוין נישט מער ווי צו אַ פראָסט געקעכטס,
און מיטן עק און הינטן דרייט עס, גלייך ווי עפּעס רעכטס.
אַ גאָרנישט דאָרט, אַ שנעק — אַ הענדל פאַר אַ גראָשן! —
איז ער אַריין אין צאָרן און אַרויס מיט לשון.

דער צווייטער האָן איז אָבער אויך נישט אויפן שנאָבל פויל,
אויך ס׳פּיסקעלע געשליפן — האָט ער אויפגעמאַכט אַ מויל,
אַז ס׳איז דער ערשטער האָן געוואָרן אַליין נערוועזער,
שוין גרייט געווען זיך צו רייסן פאַר די נעזער
און אַנגעשטעלט האָט ער דעם שנאָבל, ווי עס פּאַסט,
צו ווייזן אים, דעם נייעם, נישט געבעט׳נעם גאַסט,

אַז ער איז אים נישט דאַרט קיין יידענע, קיין קוואַקע,
און אַז אויף ענטפערן מיט קריג האָט ער חזקה. —

און ס'האָט געפּלאַצט, זיך אָנגעהויבן דאָס געשלעג,
אָן קריגס־דערקלערונגען, נישט שייך צו מען מעג,
מען איז אַריין זיך אין גרגרת, זיך געדראַפּעט,
פון שנאָבלען און פון נעגל בלוט שוין קאַפּעט;
פאַרביסן איז די שלאַכט, פאַרעקשנט־ביטער.
עס פליען פעדערן... אָ, ניין, דאָס זענען שפּליטער
פון דעם צעהאַקטן שפּיגל, וואָס פון אים געבליבן
איז שוין נישט מער, ווי שטיקעלעך, צעמאַלט, צעריבן;
ווו ער איז ערשט געווען — אַ שוואַרצקייט קוקט אַרויס,
די שלאַכט איז אָפּגעשטעלט, דער קריג איז אויס —
דאָס מעלדעט גאַווהדיק דער זיגער, גיט צווויסן
מיט הויכן קריי פאַרהויבן און פאַריסן,
און יובלט ווילד איבערן צווייטן האָנס מפּלה,
וואָס אַ באַזיגטן האָט ער אים פאַרטריבן אין בהלה...

1946

## די נייע היים

פונעם הימל פאַלט אַ רעגן —
פאַר די קליינע קינדערסוועגן.
זענען פלאַנצן זיך מחיה —
פול מיט זאַפטן פרישע, נייע,
שפרינגען־אונטער אַזש ביז אויבן,
ביז אין הימל אים צו לויבן,
אים, דעם פרישן, גוטן רעגן —
פאַר די קליינע קינדערסוועגן.

די, וואָס פינגער פון אַ מאַמען
וועלן מער שוין נישט פאַרקאַמען,
און נישט קאָרמען, און נישט צירן,
און אין שול אַריין נישט פירן —
זאָל דאָס פעלד דאָס אויפגעפרישטע
זיין פאַר זיי דער מאַמעס טישטעך.

פירות רייסן זיך פון צווייגן,
אונטערטעניק זיך צו לייגן.
ס'וויל אַ יעדע קאָרמען, שפייזן,
פאַר דער בעסטער זיך באַווייזן.
ווייל אַ יעדער איז געלעגן:
זיין פאַר קליינע קינדערסוועגן.

און די זון, זי לאָזט זיך קאָסטן,
נישט מיט פאַלשן גאָלד מיט פראָסטן,
נאָר מיט שטראַלן פון די שענסטע,
פון די בעסטע, אָנגעזונסטע,
צום פאַרפלעכטן זיי אין צעפלעך,
צום באַצירן קינדער־קעפלעך.

(אויב פאַר קליינע קינדערסוועגן —
איז נישט שייך קשיות פרעגן.)

ציען וואַגנס אויף די וועגן —
פאַר די קליינע קינדערסוועגן
פירן זיי געהילץ און ציגל,
פענצטער, טירן, שלאָס און ריגל,
און געזאַנג און זון צושטייער
פאַר דער שיינער היים דער נייער.

די, וואָס האָבן נישט קיין היים מער,
קומען פייגל פון די ביימער
זיי צו לערנען היימען בויען,
טראָגן אין די שנאָבלען שטרויען,
טראָגן ברעקעלעך און ליבע,
און זיי זינגען הויך, בציבור.
(ווער וועט זינגען דען אַקעגן
אויב פאַר קליינע קינדערסוועגן?)
ס'לייגט-צו ברודעריש אַ יעדער
ווער אַ פליגל, ווער אַ פעדער,
ווער דאָס בעסטע פון פאַרמעגן —
פאַר די קליינע קינדערסוועגן.

ציגל אויסגעשטעלט ווי זעלנער.
ס'צערטלט ליבלעך שוין די קעלניע,
ס'גלעטן פענזלען מילד, ווי מאַמעס,
און עס יאָגן זיך די האַמערס,
ווי קונדסים, נאָך די טשוועקעס —
נאָך די קלענערע, די שנעקעס.
און די שטיפטן ווילן שלינגען,
שטיפן שטיפטן ווויל און שפּרינגען,
און דאָס נעדעלע דאָס קליינע
הייבט פאַר נחת אָן צו שיינען,
הערט נישט אויף צו שטעכן, פּיקן,
מיט אַ שטעכוואָרט זיך צו קוויקן:

אויף צעפּיקעניש די שונאים
וועט עס ווידער פּיקן קאָנען,
נייען העמדעלעך און קליידער,
דורכגיין לייוונטן כּסדר,
דורכגיין נעט, ווי לאַנגע וועגן —
פֿאַר די קליינע קינדערסוועגן!

שטייט די היים אַ שפּאָגל-נייע,
זון ביים טויער — וואַך געטרייע.
גייט אַ רעגן — וואַקסט דער גאָרטן
מיט געוויקסן אַלע סאָרטן.
רויטלען גלאַנציק די טאָמאַטן,
ווי די בעקעלעך ביי יאַטן,
ווינקען שטיפעריש די טרויבן
צו די רייפע עפּל אויבן,
און מיט פרייד און טוי אַלץ העכער
שטרעקן בלומען אויס די בעכער —
אויפגעהויבן אויף „לחיים!" —
פאַרן שיינעם הויז, דעם נייעם!

1945

# אינהאַלט

## איך וועל זינגען

זייט:



## לאַנד־אויס, לאַנד־איין

# אונטער שטיינער

## LA SANTÉ



## אויפן אַש פון מיין היים



## אין מיין פענצטער

# די נײַע הײם

## פון זעלבן מחבר דערשינען אין בוך־פאָרם :

ברויט און בלײַ (לידער, לובלין, 1934).
דאָס פייפל אין די בערג (וואַרשע 1936).
אויפן אַש פון מײַן היים (פּאַריז, 1945).